# ספר
# חמדת הימים

פיל חָכְמָה ומוּסָר טוּט זיך דא גְפִינֶען, וויא דֶער מֶענְשׁ קֶען בֵּיידֶע וֶועלְטִין גִיוִוינֶען · פִיל מִדוֹת וֶוערְט פָאר גְשְׁטֶעלְט, וויא דֶר מֶענְטְשׁ זָאל רוּהִיג לֶעבְּן אוֹיף דר וֶועלְט, יֶעדֶר מֶענְטְשִׁין ווייזְט עֶר אָוֶועג, וויא צוּ לֶעבִּין זַיינֶע גְצֵיילְטֶע טֶעג, קוּקְט נִיט וָואס עֶר אִיז קְלֵיין, בִּזְכוּת זֶה וֶועלִין מִיר אִין יְרוּשָׁלַיִם גֵיין ·

מאתי ש״י בעהזיק מאסמענא

---

## ווילנא
שנת תרל״ד לפ״ק

---

**ХЕМДАСЪ ГАІАМИМЪ**
или Способы къ пріятной жизни.
Новое изданіе съ изданія 1870 г.

ВИЛЬНА въ Типографіи Гилеля
Дворжеца на Трокской улицѣ въ домѣ
Круковскаго подъ № 400. 1873 г.

# הקדמה

לִיבֶּע בְּרִידֶר דֶעם סֵפֶר הָאבּ אִיךְ עֶרְשְׁט אַרוֹיסְ גִיגֶעבִּן , דָא וֶוערְט פָאר גִישְׁטֶעלְט דֶעם גַאנְצִין מֶענְטְשִׁינְשׁ לֶעבִּין , קוּקְט נִיט וָואשׁ עֶר אִיז קְלֵיין , עֶר וֶועט יֶעדֶען מֶענְטְשִׁין וַוייזִין אַוֶועג וִויא דִיא וֶועלְט דוּרְךְ צוּא גֵיין , דֶער סֵפֶר וֶועט אַייךְ אַלֶע גִידַאנְקֶן פוּן מֶענְטְשִׁינְשׁ לֶעבִּין דֶער צֵיילֶען , אַלֶע קְרַאנְקֶע הֶערְצֶער וֶועט עֶר הֵיילֶען , פִּיל חָכְמָה פִּיל מוּסָר טוּט אִין אִים לִיגֶען . יֶעדֶר מֶענְטְשׁ וֶועט הָאבִּין פוּן אִים פִּיל פַארְגְנִיגֶען . וֶוער עֶס וֶועט נָאר לֵייעֶנֶען מִיט אַיין קְלָארֶען גִיפִיל , וֶועט עֶר גִיפִינֶען וָואשׁ זַיין הַארְץ וִויל , עֶר וֶועט נָאר יֶעדֶען מֶענְטְשִׁין עֶפֶענֶען דִיא אוֹיגִין , וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ נָאר אִין אִים גוּט אַרַיין לֵייגֶען , וַוייל אִין אִים וֶוערְט גִירֶעט פִּיל מוּסָר עַל דֶרֶךְ הַמָשָׁל זֵייעֶר פַאר שְׁטֶעלְט ' וִויא דֶער מֶענְטְשׁ אִיז פַאר

נארעשט

נַארֶעשְׁט אויף דֶער וֶועלְט , דֶער סֵפֶר טוט זֵייעֶר פִּיל נוּצִין
שִׁייא פַאר יוּנְגֶע שִׁייא פַאר אַלְטֶע לַייט , דָא וֶוערְט פָאר
גִישְׁטֶעלְט וִויא דֶער מֶענְטְשׁ טוט דֶעם גַאנְצִין לֶעבִּין יָאגִין
דִי צַייט , וֶוער עֶס וִויל נָאר בֵּיידֶע וֶועלְטִין גִיוִוינֶען , זָאל
זִיךְ בַּאיי אִים דֶער סֵפֶר גִיפִינֶען , יֶעדֶער מֶענְטְשׁ וֶועט פוּן
אִים אִין זִיךְ גוּטֶע מִדּוֹת אַיין פְּלַאנְצִין · זָאגְט נִיט אוֹיף
אִים קֵיין מְבִינוֹת וואוּ אִיר וֶועט אִים נִיט דוּרְךְ קוּקְען אִין
גַאנְצִין , אִים צוּ הִיטְן אִיז מַיין מַיין , דֶער פַאר וֶועלִין מִיר
זוֹכֶה זַיין אִין יְרוּשָׁלַיִם צוּא גֵיין , אָמֵן .

א

דִי צַייט קְלָאגְט וִוי מֶען לָאזְט אִיר פַר בַּיי מִיט גְרויש טוּמֶל,
וַוייל יֶעדֶען מֶענְטְשִׁין מוז דֶער גֵיין צוּם רוּמֶעל ,
וֶוען אֵיינֶער טוּט דֶעם צְווייטֶען גוּטֶע הָאפְנוּנְגְשׁ צוּ זָאגִין ,
טוּט מֶען שׁוֹין דִיא צַייט יָאגֶען ·

ב

וֶוען אֵיינֶער טְרַאכְט וואו צוּא פָארִין
עֶס קֶען נָאךְ גִיוֶועִרין גָאר כַּמָה יָארִין ,
הוֹיבְּט מֶען שׁוֹין אָן דִיא צַייט צוּא יָאגִין ,
אָט אוֹיף דֶער אוֹיף טוּט זִיא יָאמֶערִין אוּנ קְלָאגִין ,

ג

גָאר אַיין קִינְד וָואשׁ הָאט נָאר עֶפֶּעס אַיין גִיפִיל ,
הָאט עֶר שׁוֹין אוֹיךְ בַּייא זִיךְ אַיין צִיל ,
עֶר הָאפְט שׁוֹין אוֹיךְ אוֹיף בֶּעסֶער ,
עֶר וִויל שׁוֹין וֶוערִין גְרֶעשֶׂער ·

ד

אִיךְ בִּין אִים שׁוֹין אוֹיךְ צוּם גְרויש לַאסְט ,
עֶר יָאגְט שׁוֹין מִיר אוֹיךְ מִיט גְרויש הַאסְט ,
עֶס אִיז אִים שׁוֹין אוֹיךְ נִיט לִיבּ דֶער לֶעבִּין ,
עֶר וִויל נִיט לַיידֶען דִיא הַכְּבָּדָה פוּן רֶעבִּין ·

ה

ווִיא עֶר וֶוערְט נָאר צֶעהֶן יָאר ,
אוּנ בִּפְרַט בַּאיי הַיינְטִיגִין דוֹר ,
ווִיל עֶר שׁוֹין זָאל אַוֶועק לוֹיפִין דִיא יָארִין גִיךְ ,
עֶר ווִיל שׁוֹין וֶוערִין אַיין מֶענְטְשׁ פַאר זִיךְ .

ו

ווִיא עֶר הוֹיבְּט נָאר אָן צוּא לֵייגֶען תְּפִלִין ,
דָא הוֹיבְּט עֶר שׁוֹין אָן צוּא אַיין שִׁידוּךְ זִיךְ צוּ צִילִין ,
דָא וֶוערְט עֶר שׁוֹין בַּייא זִיךְ פְרַייא ,
דָא ווִיל עֶר שׁוֹין אַז דִיא צַייט זָאל לֵייפֶען פַאר בַּייא ,

ז

עֶר טוּט דִיא צַייט זֵייעֶר דְרִיקֶען ,
עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר דִיא גְרֶעשְׁטֶע גְלִיקֶען ,
עֶר וָואלְט וֶועלִין אַז דִי צַייט זָאל נִיט וֶוערִן מִיט אַיין מָאל ,
דִי יָארִין אִיז בַּייא אִים גָאר נִיט אַריין גְרֶעכִינְט אִין צָאל .

ח

עֶר טוּט אַיין שִׁידוּךְ עֶר קוּמְט אָן אוֹיף דְרַייא יָאר קֶעסְט ,
עֶר הָאט גִימֵיינְט אַז מֶען וֶועט אִים גֶעבִּין פוּן דָאשׁ בֶּעסְט ,
עַל פִּי רוֹב אִיז אָבֶּער נִיט ווִיא מֶען קְלֶערְט ,
אִיז אִיבֶּער נַייז דִיא שִׂמְחָה פַאר שְׁטֶערְט .

ט

הויבט ער שוין אן איבער נייז צוא וועלען ׳
אז דיא דרייא יאר זאל אים אויף גיך פעלען ׳
ער הויבט שוין אן אויף ווייטער צוא קלערן ׳
אונ פון די דרייא יאהר וויל ער שוין פטור ווערין ׃

י

ער הויבט שוין אן אויף גישעפטין צו האפין ׳
גאנצע נעכט טוט ער שוין ניט שלאפין ׳
ווען דער גישעפט גייט אפילו גוט ׳
האט ער אויך קיין מאל ניט קיין בארוטע מינוט ׃

יא

נאר על פי רוב גייט גישעפטין נישט ׳
גייט ער שוין אום גאנצענע טעג צוא מישט ׳
ער גייט ארום דיא גאסין אונ שרייט ׳
גוואלד וויא קומט מען איבער דיא צייט ׃

יב

דיא קאפ איז מיט גישעפטין פול פאר נומען ׳
ער פר געסט גאר אויף וואש ער איז אויף דר וועלט גקומען
ער פליט ארום אין דיא גאסין דיא קאפ דרייט אהינטר ׳
ער שטופט דעם ווינטער אויף זומער דעם זומר אויף ווינטר ׃

יג

מִיט אַזוֹ אַהְפנונג הָאט עֶר שׁוֹין גְּמַאן הֶעלְפְֿט יָארִן אִם לֶעבִּן
מֶען דַארְף שׁוֹין קִינְדֶער אויש גֶעבִּין ,
דָא הוֹיבְּט שׁוֹין אָן נָאךְ מֶער צוּ דְרֵייעָן דֶער מוֹחַ ,
וָוארוּם יֶעדֶער מוּז מָאן אַשִׁידוּךְ אִיבֶּערִין כּחַ .

יד

מֶער וִויא מֶען טוּט אַלֵיין פַאר מָאגֶען ,
טוּט מֶען נַכְן צוּא זָאגִין ,
פוּן יֶעדֶער מָארֶע מוּז זַיין לְרוֹב ,
מֶען וֶוערְט נָאךְ דֶער צוּא אַיין בַּעל חוֹב .

טו

אַיין קִינְד אויש גֶעבִּין אִיז גָאר אַגַאנְצֶע גִיבַּייא ,
מֵיינְט נִיט אַז מֶען אִיז דָאשׁ קִינְד אַזוֹא גִיטְרַייא ,
דָאשׁ וַואקְשְׂט נָאר פוּן תַּאֲוָה פוּן קִנְאָה ,
אוֹיבּ אִיר וִוילְט וָועל אִיךְ אַייךְ וַוייזֶען דִי בְּחִינָה .

טז

וִויא מֶען טוּט נָאר דָאשׁ קִינְד פוּן זִיךְ אַרוֹיש שְׁפַּארִין ,
טוּט שׁוֹין פַאר דָאשׁ קִינְד גָאר נִיט אַרֶען ,
עֶר וָואלְט זִיךְ נָאר פַאר לַייטִין נִיט שֶׁעמֶן ,
וָואלְט עֶר דִיא נֶדֶן צוּא רִיק צוּ נֶעמֶען .

יז

וויל עֶר שׁוין אַז דִיא צַייט זָאל אַוֶועק לױפִין גִיךְ ,
אַלֶע קִינְדֶער צוא פַּאטְעָרִין פון זִיךְ ,
דָא וֶועט אִים שׁוין זַיין גוּט ,
דָא וֶועט עֶר שׁוין לֶעבִּין אויף דֶער וֶועלְט בַּארוּט .

יח

וִויא עֶר הָאט דָא גִיטָאן אַזוֹא רַק הָאפֶען ,
דֶער וַוילֶע זַיינֶען שׁוין דִיא יָארִין אַנְטְלָאפִין ,
עֶר קוּקְט אַריין אִין אַשְׁפִּיגֶל דִי הָאר הֵייבִּן שׁוין אָן צוּ בְּלִיעֶן
דִיא אָדֶערִין הויבִּין שׁוין אָן צוא צִיעֶן ,

יט

אויפֶען צוּרָה אִיז עֶר שׁוין אַלְט ,
עֶס אִיז שׁוין פַאר עֶנְדֶערְט גִיוָוארִין דֶער גִישְׁטַאלְט ,
עֶר הַאלְט שׁוין אִין דֶער נְסִיעָה גַאנְץ וַוייט ,
שְׁרַייט עֶר גְוַואלְד אַזוֹ גִיךְ אִיז אַוֶועק גִילָאפִין דִי צַייט ,

כ

דִיא צייט צוּם מענטשין
דוּ נַארֶעשֶׁר מֶענְטְשׁ צוּ דֶען הָאשְׁטוּ נִיט גִיוואוּסְט אַפְרִיעֶר ,
אַז דִיא צַייט לױפְט אַוֶועק וִויא אַיין קוּרִיעֶר ,
וָואשׁ הָאשְׁטוּ פַאר בְּרַאכְט דִי וֶועלְט אִין הֶבֶל הָבָלִים
צוּא דֶענְהָאשְׁטוּ נִיט גְוואוּסְט אַז דִי וֶועלְט אִיז אַיין חָלוּם ,

## כא

דַארוּם בֶּעט אִיךְ דִיר מִיט גוּטֶען ,
דֶעם טָאג וָואשׁ דוּא לֶעבְּסְט זָאלְשְׁטוּ צֵייזֶלֶען דִיא מִינוּטִין ,
יֶעדֶער מִינוּט זָאל בַּייא דִיר זַיין וִויא אַיין בּוּרְלַאנְט ,
אִיךְ פָאר דָאךְ אַוֶועק אִין אַווַייטִין קַאנְט .

## כב

מִיט יֶעדֶער מִינוּט קֶענְשְׁטוּ בַּקוּמֶען דֶעם גְלִיק ,
לוֹיפְט זִיא נָאר אַוֶועק וֶועסְטוּ אִיר שׁוֹין נִיט חַאפִּין צוּ רִיק ,
לֵייג נִיט אַוֶועק דִיא צַייט נָאר אוֹיף גִישֶׁעפְטִין ,
הַאלְט אַיין דִיא צַייט מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין ,

## כג

לֵייג נִיט אָפּ אוֹיף שְׁפֶּעטֶער ,
דוּא וֵוייסְט נִיט וָואס וֶועט זַיין מָארְגֶען פַאר אַיין וֶועטֶר ,
דִי שְׁעוֹת דִי מִינוּטִין זָאלִין זַיין בַּייא דִיר דִי בֶּעסְטֶע גֶעסְט ,
זַייא פְלִיֶען פוּן דִיר אַוֶועק וִויא אַיין פֵייגֶעל פוּן נֶעסְט ,

## כד

אוֹיף דֶער אוֹיף טוּא אִיךְ זִיךְ זֵייעֶר שֶׁעמֶען ,
וֶוען עֶס קוּמֶען צוּ דִיר גֶעסְט טוּשְׁטוּ זֵיי זֵייעֶר צוּ נֶעמֶען
יֶעדֶער וִויא וַוייט עֶר קֶען ,
וֶוען מֶען טְרַאכְט נָאךְ אָפִּילוּ אִיבֶּער נַייז זִיךְ צוּ זֶעהֶן .

כה

אויף מיר קוקט מען גאר ניט אויף דעם זייט ,
וואש איך פאר דאך אוועק גאנץ וייט ,
מיר טוט מען רק אויף שפעטער אפ לייגען ,
איך בין רק גרויש בייא יעדערין אין דיא אויגין ,

כו

וואש טוט איר מיר אזוא טרייבען ,
יעדער מינוט טוט מען דאך פאר שרייבען
פאר געם ניט דיא ציטערנעש אונ שרעק
אויף יעדר מינוט וועשטו דארפן געבן חשבון וואו זי איז אוועק

כז

יעדערער זאגט וואו איז דיא צייט וואש האט גיפעלט
אמאל איז דאש גיוועז אוועלט .
יעדערער איז אויף דיא צייט אין צארין
מען זאגט עס איז אן גישטאנען שלעכטע יארין

כח

הויבט אן צוא שרייען דיא צייט אויפען קול
האט ניט קיין טעות איך בין וויא אמאל
איך בין גאר ניט גיווארין פאר ביטען
דער חסרון איז נאר פון אייך איר טוט מיר ניט היטען .

כט

פאַר צייטין איז גיוועזין גרויש הַצְלָחָה
יֶעדֶערֶער הָאט גיהַאט אין הַאנְט איין כָּשֶׁערֶע מְלָאכָה
דֶער צוא איין פֶעלְד דֶער צו איין ווייִן גָארְטִין
תּוֹרָה מִיט מְלָאכָה איז גָאר נִיט גִיוָועזִין קיין צְווייא סָארְטִין

ל

יֶעדֶערֶער מֶענְטְשׁ הָאט פוּן מִיר נַחַת גִיקְלִיבֶּען
קֵיינֶער הָאט מִיר נִיט גִיטְרִיבִּין
יֶעדֶער מֶענְטְשׁ איז גִיוָועזִן פוּן מִיר צוא פְרִידֶען
בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת זַיינֶען גִיוָועזִן די גְרֶעשְׂטֶע עֶרְלִיכֶע אידִין

לא

הַיינְט איין מְלָאכָה
איז גָאר כִּמְעַט איין פְּגַם אין דֶער מִשְׁפָּחָה .
הַיינְט איז נָאר אַוָועלְט פוּן שְׁווינְדְל פוּן פַּאדְרַאטְן פוּן קָאנְטָארְן
גָאר גֶעלְט אַריין גִיחַאפְּט אֲפִילוּ מֶען טוּט נִיט טָארֶען

לב

דִיא גִידַאנְקֶען פוּן מֶענְטְשִׁין איז זֵייעֶר צוא שְׁפְּרֵייט
דִיא קָאפּ איז שְׁטֶענְדִיג פַאר דְרֵייט
מֶען זֶעהְט זִיךְ נִיט אַרוּם וִויא די יָארִין לויפִין אַוֶועק גִיךְ
דֶער מֶענְטְשׁ איז קֵיין מָאל נִיט בַּאיי זִיךְ

## לג

יְעדָער טָאג מִיט אַנאַנְדָער חִסָרוֹן
אַזויא גֵייט אַוֶועק גָאר דִיא יָארִין
דִיא קָאפּ אִיז אִין גִישֶׁעפְטּ פַאר זָארְגְט פַאר טְרַאכְט
מָען שְׁלָאפְט אָפּ דִיא וָועלְט וִוי אֵיין נַאכְט

## לד

דער מענטש צו דער צייט
נִיטָא וָואשׁ צוּא רֵיידִין דוּא בִישׁט אֲפִילוּ זֵייעֶר גִירֶעכְט
אָבָער וָואשׁ טוּט מֶען אַז עֶס וָוערְט פָארְט אַמָאל שְׁלֶעכְט
וִויא קָאן מָען זַיין בַּארוּט
אַז עֶס אִיז פָארְט נִיט גוּט

## לה

דיא צייט צום מענטשן
וָואס קָאן דָער מֶענְטְשׁ וִוישֶׁען וָואס גוּט וָואס שְׁלֶעכְט
וִויא דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ מַאכְט אַזויא דַארְף זַיין רֶעכְט
וָואשׁ בַּייא דִיר אִין דִי אוֹיגִין קוּמְט דָאש אוֹישׁ דְזִיק
אִיז גָאר פַאר דִיר דָער גְרֶעסְטָער גְלִיק

## לו

צוּא דָען הָאסְטוּ נִיט קַיין פַאר שְׁטַאנְד
אַז דָעם עֶרְלִיכָען אִידִין קָען נִיט זַיין אַלֶעס בַּאנַאנְד
עֶס אִיז נִיטָא קַיין אַנְדֶער מִיטִיל פַאר דָעם פְרוּמֶען
שֵׁיידִין עֶר זָאל אוֹיף דָער וָועלְט אָפּ קוּמֶען

לז

זָאל דִיר לִיגְען אִין זִינְען דִיא דִבּוּרִים
זַייא נִיט אִין צָארִין וָוען דוא הָאסְט יִסוּרִים
וַוייְשְׂטו וָועסֶען דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ מוּט שְׁטְרָאפִין
דַוְוקָא וָוער עֶשׂ טוּט צוּא אִים הָאפֶען

לח

וָוען עֶס מַאכְט זִיךְ דִיר שְׁלֶעכְטֶע צַייטִין
הָאף נָאר צוּא דֶעם ב"ב אָבֶּער נִיט אוֹיף לַייטִין
וָוער נִיט אָן דַיין פְרַייא מוּט
נֶעם אָן יֶעדֶער זַאךְ פַאר גוּט

לט

זַייא נִיט מְקַנֵא דִיא נַארֶעשֶׁע וָועלְט
יֶעדֶערִין מֶענְטְשִׁין רַק עֶשׂ פֶעלְט
וואו אִיז דֶער מֶענְטְשׁ וָואשׂ עֶר זָאל זַיין בַּארוּט
עֶר זָאל זָאגִין אַז מִיר אִיז גוּט

מ

צוּ דֶען זֶעהְשְׂטוּ נִיט וְויא פַאלְשׁ אִיז פוּן גֶעלְט דֶער צִיל
פִיל מֶען הָאט ווִיל מֶען נָאךְ אַזוֹ פִיל
וואוּ נֶעמְט מֶען דֶעם מֶענְטְשִׁין עֶר זָאל זַיין אַזוֹ קְלוּג
עֶר זָאל זָאגִין פִיל אִיךְ הָאבּ אִיז מִיר גִינוּג

מא

בַּארֶעכֶען דָאשׁ מִיט אַיין קְלָארֶען זִינֶען
וֶועסְטוּ זֶעהֶען אַז דָאשׁ אִיז כִּמְעַט נִיט צוּא גִיפִינֶען
וָואשׁ מֶען טוּט מֶער פַאר מָאגֶען
גֵייט מָען אוּם מֶער צוּא טְרָאגֶען

מב

גֵייא נִיט אוּם גַאנְצֶענֶע טֶעג אִין גִישֶׁעפְטִין פַאר קְלֶערְט
צִיא דֶען וֶועסְטוּ אַרַיין חַאפִּין מֶער פִיל דִיר אִיז בַּאשֶׁערְט
וֶוען דִיר. אִיז בַּאשֶׁערְט צוּא זַיין חו״ש שְׁלֶעכְט
וֶועט נִיט הֶעלְפִין דַיין קְלֶערֶען גַאנְצֶענֶע נֶעכְט

מג

צִיא דֶען זֶעשְׂטוּ נִיט מִיט דַיינֶע אוֹיגִין ,
מֶענְטְשִׁין וָואשׁ טוּעֶן צוּא גִישֶׁעפְטִין טוֹיגִין ,
אוּנ זֵייא הָאבִין נָאךְ גִיהַאט פִיל גֶעלְט מְזוּמָן ,
אוּנ אִיצְטֶר הָאבִין זֵיי נִיט מִיט וָואשׁ אַטָאג אִיבֶּר צוּ קוּמֶען .

מד

אֶמֶת צוּא זִיצֶען אַזוֹ אִיז נִיט קֵיין פְלַאן ,
בְּדוֹר הַזֶה זַיינֶען מִיר נִיט וֶוערְט קֵיין מַן ,
אָבֶּער צוּ דֶען דַארְף זַיין דִיא צוּרָה רַק פַאר קְלָאגְט ,
אוּנ צוּ זַיין אִין גִישֶׁעפְט טָאג אוּנ נַאכְט פַאר יָאגְט

מה

וָואשׂ דַארְפְשְׁטוּ פִיל גִישֶׁעפְּטִין קָאנֶען
טוּא בֶּעסֶער בַּייא דֶעם בּוֹרֵא אַגְרִינְגִין גִישֶׁעפְּט מָאנֶען
דוּא זָאלְשְׁט נִיט דַארְפִין פָארִין אִין וָועגִין וַוייט
אוֹיף תּוֹרָה אוּנ מִצְוֹת צוּ טָאן זָאלְשְׁטוּ הָאבִּין צַייט

מו

אַיין אַמֶנוּשׁי הָאט אַמָאל גִיטָאן בַּייא אַיין אִידִין פְרָעגִין
עֶר הָאט אִים בַּאגֶעגִינְד גֵייעֶנְדִיק אִין וַוייטֶע וֶועגִין
וֶוען דוּא גְלוֹיבְּשְׁט אִין גָאט
קֶעַן עֶר דֶען דִיר נִיט שְׁפַּייזִן אִין דַיין אֵייגֶענֶע שְׁטָאט

מז

וִויא דֶער מֶענְטְשׁ הָאט דָאשׂ דֶער הֶערְט
הָאט עֶר זִיךְ גְלַייךְ אַהֵיים אוּם גִיקֶערְט
עֶר הָאט זִיךְ גִישֶׁעמְט פַאר זִיךְ אַלֵיין
עֶר הָאט שׁוֹין פוּן זַיין שְׁטָאט נִיט גִיטָאן אַרוֹיש גֵיין

מח

פַר לַאנְג נִיט אָזֶעלְכֶע זַאכִין וָואשׂ דִיר אִיז דָאשׂ נִיט נֵייטִיג
וֶועסְטוּ נָאר וָועלִין וֶועסְטוּ נָאךְ הָאבִּין מֶער הַארְץ וַוייטָאג
פַאר לַאנְג נָאר דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ זָאל דִיר גֶעבִּין
וָואשׂ מֶען קֶען אָן דֶעם נִיט לֶעבִּין ׃

מט

פַאר לַאנְג נִיט קַיין מוּתְרוֹת קַיין פַאר גִינִיגֶען ,
פַאר גֶעשׂ נִיט אַז דוּא וֶועשְׂט אִין קֶבֶר לִיגֶען ,
דוּ וֶועשְׂט זִיךְ דַארְפִין פַר דֶעם ב"ב צוּם יוֹם הַדִין שְׂטֶעלִין
טוּא וְויא אַזוֹ זָאל זִיךְ פַר גִינִיגִינְד אַיין מֶענְטְשִׁין וְועלִין

נ

גִיבּ אַקוּק אוֹיף דֶער וֶועלְט אַלְץ וָואס דוּ זֶעהְסְט
זַיינֶען דָא מֶער נִיט וְויא גֶעסְט ,
דִי וֶועלְט אִיז נָאר אַיין וֶועג דוּרְךְ צוּא פָאהְרִין
דָאשׂ אִיז אַנְסִיעָה אוֹיף עֶטְלִיכֶע יָארִין .

נא

וָוען דִיא קְרֶעצְמֶע אִיז דֶעם אוֹרֵחַ נִיט גִיפֶעלִין
צוּא דֶען טוּט עֶר אַנאַנְדֶער קְרֶעצְמֶע אוֹיף שְׂטֶעלִין
עֶר וַוייסְט דָאךְ בַּאיי זִיךְ אַז עֶר פָארְט
עֶר וַוייסְט דָאךְ אַז נִיט דָא אִיז זַיין אָרְט

נב

דִי וֶועלְט אִיז גִיגְלִיכִין צוּם יַם וָואשׂ טוּט שְׂטוּרְמֶן אוּנ בְּרוּסְן
דֶר מֶענְטְשׁ אִיז דִי שִׁיף וָואשׂ דַארְף צוּם בְּרֶעג צוּ קוּמֶען
שְׁווימְט עֶר נָאר גְלַייךְ מִיט אַיין קְלָארֶען זִינֶען
וֶועט עֶר גִיוִויש אַיין בְּרֶעג גִיפִינֶען

נג

װען ער גיט זיך אָבער אָן אַזייט אַקער
בְּלייבּט ער נִיט אַהִין גִיט אַהער
גְלִיקְלַך איז דר מענטש װאש איז פון װעג ניט אַראפּ גְקָראבְן
װאש ער האָט נאָר אויף דעם ב״ב שְׁטארק בּטחון

נד

אִים קען מען רופין אויף דער װעלט רייך
יַמִים אונ מדבריות זיינען פאַר אִים אומעטום גְלייך
פִיל ער האט טוט פאַר אִים קְלעקען
פאַר קיין בְּרִיָה אויף דר װעלט טוט ער זִיך נִיט שְרעקִין

נה

יעדער זאך װאש ער טוט בַּאדארפִין
טוט ער נאר אויף דעם בורא ברוך אַרויף װארפִין
ער טוט נאר צוא דעם בורא ברוך רַק האפען
ער גְלייבּט אַז זיינע אייגענע עבירות טוט אים בַּשְׁטראפִין

נו

זע מיין פריינד לעב ניט אויף דער װעלט בְּלִינְד
שְׁטעל פאר פאר דיינע אויגִין דיינע זינְד
אויף שְׁפּעטער טוא ניט אָפּ לייגען
דיינע יארין זיינען דאך גימאסטין אונ גיװאוגִין

נז

יֶעדֶער טָאג זַאיי צוּ גִיגְרֵייט מִיט אַיין תְּשׁוּבָה שְׁלֵמָה
לֶעבּ נִיט אוֹיף דֶער וֶועלְט וִויא אַיין בְּהֵמָה
וָואשׂ זִיא טוּט פוּן טוֹיט קֵיין מָאל נִיט שְׁפִּירֶען
וֶוען מֶען טוּט אִיר אֲפִילוּ צוּא דֶער שְׁחִיטָה פִירֶען

נח

וֶוען עֶס גֵייט דִיר אַרַיין שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבוֹת
שְׁטֶעל זִיךְ פָאר דֶעם יוֹם הַמָּוֶת
זַאיי נִיט מְקַנֵא וָואשׂ יֶענֶער לֶעבְּט וִויא אַהַאר
דֶער מָאן זִיךְ אָן יוֹם הַמַר

נט

הָער מַיין פְּרַיינְט טוּא נִיט מֵיינֶען
אַז גְלִיקְלִיךְ אִיז דֶר וָואשׂ טוּט אוֹיף צֶעהֶן הַייזֶער ווֵיינֶען
צוּא דֶען וֵויסְטוּ וָואשׂ בַּאיי יֶענֶעם אִין הַארְצִין
עֶס קֶען זַיין אַז עֶר הָאט מֶער פַר דִיר צָרוֹת אוּנ שְׁמַארְצִין

ס

צוּ דֶען אִיז רָאשׂ פוּן דִיר פַאר הֵיילֶען
אַז אִיר וֶועט הָאבּן בֵּיידֶע גְלַייךְ אַיין דִירָה פוּן פִיר אֵיילֶען
נִיט גִיפּוּצְט נִיט גִימֶעלְט
דָאשׂ זָאל זַיין בַּאיי דִיר פָאר גִישְׁטֶעלְט

## סא

דִיא שְׁטֵיינֶער שְׁרַייֶען פוּן וַואנְט
צוּא דֶען וֶועשְׁטוּ אוּנְז נֶעמֶעו מִיט זִיךְ אִין הַאנְט
וָואשׁ טוּסְטוּ אוּנְז אַזוֹי מֶעלִין אוּנ פּוּצִין
וָואשׁ וֶועלִין מִיר דִיר נָאכִין טוּיט נוּצִין

## סב

דִיא שְׁטֵיינֶער וֶועלִין פְרֶעגִין אֵיינֶער בַּאיי דֶעם צְווֵייטִין
וואוּ אִיז אוּנְזֶער בַּעַל הַבַּיִת וָואשׁ הָאט אוּנְז גְטָאן אָן גְרֵייטִן
וָואשׁ עֶר הָאט אוּנְז גִימַאכְט שֵׁיין
וואוּ אִיז עֶר אַלֵיין

## סג

עֶר הָאט אוּנְז פוּן פֶעלְדֶער גִימָאן שְׁלֶעפִּין
אַלֶע שְׁפַּאלְטִין הָאט עֶר אוּנְז גִימָאן אוֹישׁ קְלֶעפִּין
פוּן דֶער עֶרְד הָאט עֶר אוּנְז אַרוֹישׁ גִינוּמֶען
וואוּ אִיז עֶר אִיצְטֶער אַלֵיין אַהִין גִיקוּמֶען

## סד

רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער צְווֵייטֶער שְׁטֵיין
אוֹיף אוּנְזֶער אָרְט הָאט גִיטָאן דֶער גוּף אַוֶועק גֵיין
אוּנְז הָאט עֶר גִיטָאן פּוּצִין אוּנ צִירֶען
אוּנ אִיצטֶער הָאט מֶען אִים גִיטָאן פוּן אוּנְז אַוֶועק פִירִין

## סה

אויף דָערויף טוּא אִיךְ יָאמֶערִין אוּנ קְלָאגִין
וָואשׂ הָאשְׂטוּ גִירַארְפְט נָאךְ אוּנְז אַזוֹא נָאךְ יָאגִין
דוּא הָאשְׂט גִיוָואלְט מֶען זָאל דִיר רוּפֶען גְבִיר
צוּ דֶען גֵייעָן מִיר עָרְשְׂט מִיט מִיט דִיר

## סו

וָואשׂ פַאר אַצוּרָה הָאבִּין מִיר עָרְשְׂט בַּיי דִיר אִין דִי אוֹיגִן
אַז דִיר טוּט מֶען אִין דֶער עֶרְד אַרַיין לֵייגֶען
אוּנ מִיר בְּלַייבִּין אוֹיף אוּנְזֶער אָרְט שְׁטֵיין
דִיר צוּ בַּאלַייטִין טוּעֶן מִיר אֲפִילוּ נִיט גֵיין

## סז

דער ערשטער שטיין פרעגט צוריק
דַיין גִיוֵויין הָאבּ אִיךְ גִיטָאן דֶער הֶערִין
פַאר לַאנְג אִיךְ דוּא זָאלְשְׂט מִיר גֶעבִּין צוּא דֶער קְלֶערִין
דוּא זָאלְשְׂט מִיר דֶעם אֶמֶת זָאגִין
וָואשׂ טוּשְׂטוּ אַזוֹ יָאמֶערִין אוּנ קְלָאגִין

## סח

דער צווייטער שטיין ענטפערט
וֶוען פוּן דִיר אִיז דָאשׂ פַאר הוֹילֶען
סוּז אִיךְ דִיר גָאר פוּן אָן הוֹיבּ דֶער צֵיילֶען
וִויא וַוייט דֶער מֶענְטְשׁ פִּירְט דִיא וֶועלְט שְׁלֶעכְט
וֶועשְׂטוּ אַלֵיין זָאגִין אַז אִיךְ בִּין גִירֶעכְט

סט

דָער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הָאט גִיוָואלְט דָעם מֶענְטְשִׁין בַּאגְלִיקֶען
הָאט עָר גִיטָאן אַנְשָׁמָה אוֹיף דָער וָועלְט אַרָאפּ שִׁיקֶען
מָער נִיט וָואשׂ אַנְשָׁמָה אַלֵיין קֶען אוֹיף דָר וָועלְט נִיט לֶעבִּן
הָאט עָר גִיטָאן צוּא אִיר אַגוּף גֶעבִּין

ע

אַז דִיא נְשָׁמָה דַארְף אַרָאפּ טוּט זִיא זֵייעֶר נִיט וֶועלִין
זִיא זָאגְט וָואשׂ טוּט מִיר בַּייא דִיר פֶעלְין
זָאגְט דָער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא גֵיין
דוּא מוּזט אוֹיף דָער וֶועלְט אַרָאפּ גֵיין

עא

דוּא מוּזְט וִוישְׁעֶן פוּן לֶעבִּין אוּנ פוּן טוֹיט
דוּא מוּזְט גֵיין פַאר דִינֶען דֵיין בְּרוֹיט
אוּנ דָער נָאךְ וֶועשְׂטוּ קוּמֶען צוּרִיק
אָט דָאשׂ אִיז דַיין אֶמֶתֶער גְלִיק

עב

אֶפְשָׁר אִיז דַיין מֵיין
אַז אוֹיף עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען טוּשְׂטוּ אַרָאפּ גֵיין
זָאג אִיךְ דִיר אָן
אַז אִיךְ שִׁיק דִיךְ נָאר אוֹיף תרי"ג מִצְוֹת צוּא טָאן.

עג

וויא דיא נְשָׁמָה הָאט זִיךְ גִיטָאן מִיטִין גוף בַּאהָעפְּטִין ׃
זיא הָאט גִיפוּנֶען אַפַּארְטִיקֶע וֶועלְט מִיט גִישֶׁעפְּטִין
הָאט זיא גָאר פַר גֶעסִין אויף וָואשׁ זִיא אִיז אַרָאפּ גִישִׁיקְט
דיא נְשָׁמָה אִיז גִיוָוארִין אוּנְטָערִין גוף אוּנְטֶער גִידְרִיקְט

עד

הַייזֶער אונ גֶעלְט וְויל עֶר רַק וָואשׁ מֶער
עֶר פַר גֶעסְט גָאר אַז עֶר אִיז נָאר אויף דָער וֶועלְט אַגֶר
אויף אַיין צייט וָואשׁ זִיא אִיז זֵייעֶר קְלֵיין
אָט דָאשׁ אִיז מַיין גַאנְצֶער גִיוֵויין

עה

דער שטיין ענטפערט צוריק
אִיךְ טוּא פָארְט נִיט פַאר שְׁטֵיין
וָואס אִיז דַיין גִיוֵויין
עֶס אִיז נִימָּא וֶוער זָאל פוּן דִיר לַאבֶען
וָואס טוּט דָאס אוּנְז אוּישׁ מַאכֶען

עו

דִיא יוֹרְשִׁים זַיינֶען שׁוין אַרוּם אוּנְז אַרוּם גִיפְלוֹיגִין
וְויא עֶר הָאט נָאר צוּא גִימַכְט מִיט דִיא אוֹיגִין
זֵייא הָאבִּין שׁוין בַּאקוּקְט אַלֶע וֶוענְט
זֵייא וֶועלִין אוּנְז צוּא נֶעמֶען מִיט בֵּיידֶע הֶענְט ׃

עז

רופּט זיךְ אָפּ דער צווייטער שְׁטֵיין צוא ריק
דיינע רייד צוא הערין איז מיר גאר דְזִיק
צוא דען רייד איךְ אַרום אונז דוֹמֵם
איךְ מיין דאךְ גאר צוא פאר זאגין דיא יְתוֹמִים

עח

זייא זאלען אויךְ ניט מיינען
אז זייא וועלין באיי אונז אייביג וויינען
זייא זאלין אויךְ ניט לעבין אויף דר וועלט פר נארט
סענטשין זיינן וויא גראז דר שְׁפְּראצט דר ווערט פר דארט

עט

טוזע מיין פריינד לעב אויף דר וועלט מיט איין קלארן גפיל
גיב ניט נאךְ די הארץ וואס זיא וויל
אוי ווייא צוא די יארין
אמענטש וואש ווערט פון אַאִשָּׁה גיבארין

פ

וואש דער לעבין איז דאךְ מיט איין ברעג
אויף גיציילטע טעג
דער יום המות איז דאךְ פאר בארגען
אפשר היינט אפשר מארגען

פא

נוא זָאג אַלֵיין צוא דֶען אִיז דָאס אַזויא גוּט׃
עֶס קֶען גָאר זַיין צוא לִיבּ אֵיין מִינוּט
וָואס דוא וִוילְסְט דֵיין תַּאֲוָה דֶר פִילִין
טוּשְׁטוּ דִיא אֵייבִּיגֶע וֶועלְט פַר שְׁפִּילֶען

פב

בַּארֶעכֶען מִיט אַיין קְלָארִין רַעְיוֹן אוֹיף פָארִיגֶע יָארִין
וֶוענְדוּ הָאשְׂט שׁוֹין גְהַאט פַר גִינִיגֶן וָואס אִיז פוּנְדֶעם גְוָוארִן
פוּן אַיין פַאר גִינִיגֶען וָואשׂ אַמֶענְמִשׁ טוּט וֶועלִין
פִיל כּוֹחוֹת טוּט דָאשׂ בַּייא אִים פֶעלִין

פג

צוּם סוֹף אַז עֶר הָאט שׁוֹין דֶעם פַאר גִינִיגֶען בַּאקוּמֶען
וֶוערְט עֶר עֶרְשְׁט פוּן דֶער וֶועלְט צוּ גִינוּמֶען
דִיא נְשָׁמָה דַארְף שׁוֹין אַרוֹיף גֵיין צוּרִיק
אָט דָא זֶעט זִיא שׁוֹין אִיר אוּם גְלִיק

פד

כָּל זְמַן דַיינֶע אוֹיגֶען זֶעהֶן דִיא שַׁיין
פִיל מִיגְלִיךְ הַאס מִצְוֹת אַרַיין
קוּק נִיט אוֹיף קַיין פַאר גִינִיגֶען
צוּא דֶען וֶועשְׁטוּ אַמִצְוָה אִין קֶבֶר קְרִיגֶען

פה

זייא ניט מְקַנֵא יֶענֶעמְשׁ פַּאר מֶעג
צוא דֶען וַויישְׁטוּ ניט אַז קִנְאָה איז אָן אַבְּרֶעג
וֶוען דוא וֶועסְט שׁוֹין הָאבִין וָואשׂ דוא טוּשְׂט הַיינְט וֶועלִין
צוּ דֶען וֶועט דִיר מָארְגִין וַוייטֶער ניט פֶעלִין

פו

נָאךְ ניט גִינוּג וָואשׂ מָארְגִין וֶועט דִיר ניט זַיין בֶּעשֶׂער
דִיא קִנְאָה וֶועט נָאךְ זַיין אַסַךְ גְרֶעסֶער
קִנְאָה פַּאר לֶענְד דִי נְשָׁמָה מִיטִין גוּף
דִי וֶועלְט אִיז אַטְרֶעפּ דֶער גֵייט אַרָאפּ דֶער גֵייט אַרוּיף

פז

וואוּ אִיז דֶר מֶענְטְשׁ וָואשׂ וֶוערְט פוּן דֶער וֶועלְט צוּ גִינוּסְן
עֶר זָאל זַיין תַּאֲוָה אִין גַאנְצִין בַּאקוּמֶען
יֶעדֶער מֶענְטְשׁ בְּלַייבְּט רַק אִין מִיטִין
בִּיז וַואנֶען מֶען טוּט אִים מִיט עֶרְד פַּאר שִׁיטֶען

פח

דֶער כְּלַל אִיז זַייא ניט מְקַנֵא אוֹיף דֶער וֶועלְט קַיין זַאךְ
אַלֶע מֶענְטְשִׁין וֶועלִין לִיגִין אוּנְטֶער אֵיין דַאךְ
אָן פַּארְלָאגֶע אָן שׁוּפִיט
דִיא גִיפּוּצְטֶע הַייזֶער בְּלַייבֶּען שְׁטֵיין זֵייא גֵייֶען ניט מִיט

פט

זייא אויף דער וועלט אויף גיוואַכט
קיין גאַוָה קיין חֲנִיפָה זאָל בייא דיר ניט זיין גיאַכט
זייא ניט מְקַנֵא דעם עוֹלָם הַשָׁפֵל
דער גוף זאָל נאָר זיין בייא דיר איין טָפֵל

צ

נעם זיך ניט איבער ווען דו ביסט אין גישטאַלט אַשיינער
דוא ביסט אויך נאָר פְלֵייש אונ בְלוּט אונ ביינער
טער ניט וואש אַשיינע הויט איז דיר אויף באַצויגין
ווען די נְשָׁמָה גייט אַוועק וואש טוט דיר די שוינקייט טויגן

צא

ווען דיא אֵיבְרִים ווערין שוין קאַלט
דאַמאָלס האָבען שוין אַלע איין גישטאַלט
שאַיי אָרוּם שאַיי רייך
שוואַרץ אונ ווייש זיינע אַלע גְלייך

צב

אין דעם צווא שרייבען האָב איך זייער פיל
אָבער ניט אַלס קען מען שרייבען וואָש די האַרץ וויל
ווער עס האָט נאָר שֵׂכֶל אַליין
וועט ער פאַר שְׁטֵיין וואש איך מֵיין

צג

ווילְשְׁטוּ נָאר אויף דֶער וָועלְט רוּהִיג לֶעבִּין
טוּא יֶעדֶען מֶענְטְשִׁין זַיין כָּבוֹד אָפּ גֶעבִּין
ווילְשְׁטוּ נָאר לֶעבִּין אִין פְּרֵייַדֶען
טוּא אויף קַיין מֶענְטְשִׁין קַיין שְׁלֶעכְטְץ נִיט רֵיידִין

צד

מִיט הְויז גֶיזִינְד מִיט לַייטֶען טוּא זִיךְ מִיט גוּטֶען פִירֶען
קַיין בַּאשֶׁעפֶענְשׁ אויף דֶר וָועלְט טוּא נִיט אָן רִירֶען
וֶוען דֶעם צְוֵוייטֶען אִיז הו"ש שְׁרֶעכְט טוּא אויךְ אַיין קְרֶעכְץ
כָּל זְמַן דוּ לֶעבְּסְט בִּיסְטוּ אויךְ נִיט בַּאוָוארֶענְט פוּן שְׁלֶעכְץ

צה

וֶוען דֶעם צְוֵוייטֶען גֵייט גוּט
בַּאווייז אויךְ אַיין פְּרַאיי מוּט
הָאב נִיט דֶער פוּן קַיין שְׁמֶערְצִין
וֶוען דֶעם צְוֵוייטֶען אִיז פְרֵיילִיךְ אוֹיפֶען הַארְצֶען

צו

עֶס טוּעֶן זִיךְ אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין גִיפִינֶען
נָאר דֶעם צְוֵוייטֶן צוּ בַּאגְרָאבִין אֲפִילוּ אַלֵיין נִיט צוּ פַּר דִינֶען
דֶעם צְוֵוייטֶענְשׁ גִישֶׁעפְט אִיז רַק גְרוֹישׁ אִין דִי אוֹיגִין
מֶען טוּט דָאשׁ נָאךְ אִין אַמִצְוָה אַרַיין לֵייגֶען

צז

אַזֶעלְכֶע מִצְוֹת זָאל בַּאיי דִיר נִיט צוּא קוּמֶען
צוּא דֶען הָאט יֶענֶער בַּאיי דִיר אַוֶועק גִינוּמֶען
פוּן אַזֶעלְכֶע מִצְוֹת אַנְטְלוֹיף פוּן וַוייטֶען
הִיט נָאר דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָואשׂ פוּן פַאר צַייטֶען

צח

אִין דֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָועשְׂטוּ גִיפִינֶען
אַז מֶען דַארְף דֶעם צְוֵייטֶען גוּטְץ פַאר גִינֶען
מֶען טָאר דֶעם צְוֵייטֶען נִיט דְרִיקֶען
מֶען דַארְף זִיךְ פְרֵייעֶן אִין דֶעם צְוֵייטֶענְשׂ גְלִיקֶען

צט

הָאבּ נָאר שְׁטַארְק בִּטָחוֹן אוֹיף גָאט
וָואשׂ אַרְט דִיךְ אַז יֶענֶער הָאט
וָוען דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הָאט יֶענֶעם גִיטָאן בַּאגְלִיקֶען
צוּ דֶען קֶען עֶר דִיר אוֹיךְ נִיט צוּא שִׁיקֶען

ק

וָואשׂ זַיין כָּבוֹד אִיז דִיא גַאנְצֶע וָועלְט פוּל
זַיינֶע טוֹבוֹת זַייגֶען גָאר אָן אַגְבוּל
עֶר טוּט דֶעם מֶענְטְשִׁין דִיא גוּטֶע וֶוענ וַוייזֶען
עֶר טוּט דָאךְ דִיא גַאנְצֶע וָועלְט שְׁפַּייזֶען

קא

וָואשׂ עֶר טוּט יֶעדֶער בַּאשֶׁעפֶּענֶעשׂ בַּאלֶעבִּין
עֶר טוּט יֶעדֶער בַּאשֶׁעפֶּענֶעשׂ זַיין בַּאדֶערְפֶּענֶעשׂ גֶעבִּין
עֶר גִיט יֶעדֶער בַּאשֶׁעפֶּענִשׂ זַיין שְׁפַּייז אִין דֶער צַייט
עֶר שִׁיקְט צוּ־דֶעם מֶענְטְשִׁין זַיין בְּרוֹיט פוּן וַוייט

קב

טוּ זֶע סַיין פְּרַיינְד זָאל דִיר נִיט פַר רִרישֶׁן וָוען יֶענֶם אִיז וָואוֹל
צוּא דֶען הָאט עֶר אַוֶועק גִינוּמֶן דַיין טֵייל
דִיא זַאךְ וָואשׂ דִיר אִיז דָאשׂ נִיט גִיפֶעלִין
טוּא דָאשׂ נִיט צוּא דַיין גִיזֶעלִין

קג

דָאשׁ אִיז דֶער כְּלַל פוּן אִידֶעשֶׁער בַּאשְׁטַאנְד
אַלֶע הֶערְצֶער זָאלִין זַיין בַּאנַאנְד
דָאשׁ אִיז אִידֶעשֶׁער קְרוֹין
מֶען זָאל הָאלְט הָאבֶּען דֶעם צְוֵייטֶען וְויא זִיךְ אַלֵיין

קד

וָוען צְוֵוייא טוּעֶן זִיךְ קְרִיגֶען
הָאבּ נִיט דֶער פוּן קַיין פַּאר גִינִיגֶען
טוּא נִיט שְׁטֵיין פוּן ווייטֶען אוּנ לַאכֶען
קֶענְשְׁטוּ נָאר טוּא בְּעשֶׁער אַשָׁלוֹם מַאכֶען

קה

וָוען אֵיינֶער טוּט דִיר זִידְלֶען שְׁוַויג שְׁטִיל
וָועשְׁטוּ עֶנְטְפֶערִין צוּ רִיק וֶועשְׁטוּ הָאבְּן צֶעהֶן מָאל אַזוּ פִיל
ווילְשְׁטוּ נָאר דַיין שְׁטַאט נִיט אָן וָוערִין
מַאךְ זִיךְ גָאר אַזוֹא וְויא דוּא טוּשְׁט גָאר נִיט הֶערִין

קו

וָוען אֵיינֶער טוּט דִיר אָן אַיין בִּזָיוֹן
שְׁוַויג נָאר שְׁטִיל דָאשׁ אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער נִסָיוֹן
יֶענֶער בְּלַייבְּט דֶער נַאר
אוּנ דוּא וֶועסְט נֶעמֶען שְׂכַר

קז

וָוען דוּא טוּשְׁט אִין גִיזֶעלֶענְשַׁאפְט קוּמֶען
הַאלְט דִיא לִיפֶּען צוּ זַאמֶען גִינוּמֶען
אֵיידֶער דוּא טוּשְׁט רֵיידִין טוּא גוּט בַּאקְלֶערִין
וָואשׁ דִיא מוֹיל רֶעט זָאלִין דִיא אוֹיעֶרִין הֶערִין

קח

בֶּעסֶער זָאל מֶען זָאגִין וָואס שְׁוַויינְסְטוּ אַזוּ שְׁטִיל
אֵיידֶער מֶען זָאל זָאגֶען וָואס רֶעטְכְטוּ אַזוּ פִיל
פוּן לָשׁוֹן הָרָע פוּן שֶׁקֶר הַאלְט דִיא מוֹיל פַאר מַאכְט
וָוען דוּא רֶעטְכְט וָואס דִיר אִיז גֵייטִיג רֵייד וַייעֶר בַּאזַאכְט

קט

יֶעדֶער וָוארְט זָאל זַיין גְיוואוֹיגְין אונ גְימָאסְטִין
אַיין אִיבְּעריָקער וָוארְט קֶען אַמָאל טַייֶער קָאסְטִין
דֶער הֵייפְּט פוּן דֶעם זָאלְסְטוּ זִיךְ זַייעֶר הִיטִין
וֶוען צְוֵוייא רֵיידִין קְרִיךְ נִיט אַרַיין אִין מִיטָען

קי

אָט אַזוֹ זָאלְסְטוּ לֶעבִּין אוֹיף דֶער וֶועלְט
וויא אִיךְ הָאבּ דִיר דָא פָאר גִישְׁמֶעלְט
וֶוען דוא וֶועסְט אִין זִיךְ דִיא מִדוֹת בַּאקוּמֶען
וֶועסְטוּ גִיוִוים זַיין אוֹיף בֵּיידֶע וֶועלְטִין אָן גִינוּמֶען

קיא

הָאבּ גָאר אִין זִינֶען אַז נִיט דָא אִיז דַיין הֵיים
דַיינֶע יָארִין זַיינֶען אֲפִילוּ נִיט וויא דֶער שָׁאטִין פוּן בֵּיים
נָאר וִויא דֶר שָׁטָן פוּן אַיין פוֹיגִיל וָואשׁ זִיא פְלִיט פַאר בַּאיי
טוּא זֶע מַיין פְרַיינְד הַאלְט דִיא צַייט זֵייעֶר גִיטְרַייא

קיב

הָאבּ נָאר אִין זִינֶען אַז דַיין דִירָה אִיז נִיט דָא
וֶועסְטוּ גִיוִויש זוֹכֶה זַיין צוּא עוֹלָם הַבָּא
דֶעם סֵפֶר זַייט נָאר מְקַיֵּים
בִּזְכוּת זֶה וֶועלִין מִיר זוֹכֶה זַיין צוּא גֵיין אִין יְרוּשָׁלַיִם .

# קול שִׂמְחָה

אַיין שְׁטִים פון פְרֵייד

## דְרַייא נַייֶע לִידֶער

א) פון גאַליצְיַאנֶער בַטְלָן

מִיט זַיין אֵיידִים דֶער חָסִיד.

ב) פון דִיא קִינְפֶּעטָארִין.

ג) פון דֶעם וָועכְטֶער.

הערויס גיגעבין

פון מאנע בע"ם ברחן מן ביאלישטאק

---

## ווילנא

שנת תרל"ב לפ"ק

---

## КОЛЪ ШИМХА

т. е. Гласъ радости, три пѣсни на евр. просторѣчіи

## ВИЛЬНА

въ Типографіи Г. А. Дворжеца на Трокской улицѣ въ домѣ Круковскаго подъ № 400. 1872 года.

Дозволено Цензурою 24 Іюля
1872 г. Вильна

# אזהרה מן המביא לבית הדפוס

לאחב"י לבלי להדפיסו שנית ולבד האיסור מהשגת גבול ענוש יענש על פי חוק הממשלה יר"ה כי קניתי את הזכות מן המחבר לצמיתות. ממני אהרן רייכער מ"ס מווילנא .

# דִיא לִיד פוּן דֶעם גַאלֶעצְיַאנֶער בַּטְלֶען מִיט זַיין אֵיידִים דֶער חָסִיד .

---

## א.

דָארְטִין אִין גַאלִיצְיֶען גִיפִינֶען זִיךְ סָתְרִים .
צוּ נֶעמִין אֵיידִימְס אָרֶעמֶע יְשִׁיבָה בָּחוּרִים .
אִיבֶּער הוֹיפְּט דָארְטִין, דִיא קַבְּצָנִים
זַיינֶען אַף זֵייא דִיא בֶּעסְטֶע בַּאלָאנִים
דָארְטִין אִין דֶער שְׁטֶעטִיל יַאלֶעוַואי
גֶעפִינֶען זַאךְ מֶענְטְשִׁין אַלֶערְלֵייא
אַזוֹינֶע וָואס גֵייֶען נָאךְ אִין סְפָּארְקֶעס
אִין דִיא פַארְצַייטִיקֶע קַאפָּארְקֶעס
קַבְּלָנִים אוּנ מַגִידִים
קַבְּצָנִים אוּנ חֲסִידִים

## ב.

ר׳ יָעקָעלֶע פון דָעם בַּאטְלָאנִישִׁין שְׁטַאט
הָאט דָארְטִין גִיהַאט
אֵיין אֵיינְצִיגָע טָאכְטָער
עָר פְלָעגְט אַרוּם גֵיין וַויא אַצוּקָאכְטֶער
וַוייל עָר הָאט גִיוָואלְט אָן נַדָן
קְרִיגִין פַאר אִיר אַלַמְדָן אַמַאן

## ג.

עָר זָאל הָאבִין אִין זִיךְ מַעלוֹת
הָאץ קֶענֶען פַּאסְקֶענֶען שַׁאֲלוֹת
עָר הָאט דָאס אֲפִילוּ גִיטָאן גוּט
דִיא וַוייבּ גִיקְלֵייט פְּשׁוּט
אִינ דִיא טָאכְטֶער גִיהָאוִוירְט
גִיפּוּצְט אוּנ גִיצִירְט

## ד.

וִויא דָארְטִין אִיז הַיינְט דִיא מָאדֶע
אוּנ גִיטְרָאגִין אַף זִיךְ דִיא הַכְּבָּדָה
דִיא וָואס הָאבִּין זֵיין טָאכְטָער גִיקָאנְט
הָאבִּין זֵייא אִיר דֶער מָאנְט

ויא וועט קרינין אמאן אלערנער
דער ווייל איז אויף איר אן גיוואקסין הערנער
בקיצור ער איז גיווארין באצאלם
פונקט וויא ער האט אליין גיוואלט

## ה.

מיט דער פושקע פלעגט דער בטלן גיין
מאנטיג אונ דאנערשטיג נאר אליין -
האט ער אין אנארט גיטראפן צאדיקלן דעם ישיבה בחור
וואס טאנט דארט איין זיין וואכער
האט ער זיך באלד גיטראכט
נים אנדערש מלאכים האבין איהם אהער גיבראכט
ווייל ער האט דעם בחור גוט באקוקט
וויא ער טייג צום דעם פרידוקט

## ו.

אונ איז זיך צוא דינגען נים פויל
אונ האט נאך דער צוא אגישליפענעם מויל
איז ער גיבליבין שטיין פאר צאנט
אונ האט צוא זיך אליין גיזאגט

אָט אַזֵיינָעם דַארְף אִיךְ דָאס קְרִיגִין
עֶר וָואלְט מִיט דֶער צֵייט אַלֶע בַּטְלָנִים ־פאר.ווִיגִין

# ז.

אונ גִיט דֶעם בָּחוּרִיל אויף אַפְּרָאיְיעְקְט
אונ רֶעט צוּא אִים גַאנְץ פַארְדֶעקְט
עָרְשְׁטִינְס זָאגְט עֶר צוּא אִים ׳ צוּ נָאר אָן אַבְּרָעג
עֶסְט מֶען דָאס טָעג ?
אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר אַגוּטֶע זַאךְ
אַגְלִיקְלִיכִין שִׁידוּךְ
אונ דָאס אִיז נָאר אַבַּאבָּאנֶעשׁ
וָואס מִיא שִׁיקְט הַאיינְט דִיא גְרוֹיסֶע מַתָּנוֹת ׃

# ח.

וֶוער דַארְף דָאס קְרִיכִין אִיבֶּערְן דַאךְ
אַבִּי טָאן אַרייכִין שִׁידוּךְ
מַיין קִינְד שֶׁעם זִיךְ נִיט מִיט דֶעם גִימַיינֶעם
אָט לָאמִיר זִיךְ זַיין בֵּיידֶע אִין אֵיינֶעם
הָערְסְטוּ אִיךְ הָאבּ אַכַּלָה פַאר דִיר
מַיין מֵיידִיל אַזא יָאר ווִינְץ אִיךְ מִיר

## ט.

אִיךְ זָאל דִיר מַיין טָאכְטֶער לוֹיבִּין
וועסְטוּ מִיר אֶפְשֶׁר נִיט גְלֵייבִּין
נָאר מֶענְסְט זִיךְ פְרֶעגִין אַבִּי וֶועטָען
צִיא דוּא דַארְפְסְט זִיךְ עֶפֶּעס מִיט אִיר שָׁעמָען
דֶער ווייל דֶער בָּאחֶערִיל אַלֵיין
אִיז גִיבְּלִיבִּין פַאר וואוּנְדֶערְט שְׁטֵיין
אוּנ הָאט דָאס אַזוֹ שְׁטַארְק אָנְגֶענוּמָען
אַזוֹ וִויא פוּן הִימִיל אִיז דָאס עֶם אַרָאפּ גִיקוּמָען

## י.

בְּקִיצוּר דֶער פוּן עֶם אִיז גִיוָוארִין מִיט מַזָל אַתְנָאִים
מִיא הָאט גִירוּפִין מִשְׁנֵי צְדָדִים גַבָּאִים
פוּן בֵּית מִדְרָשׁ אוּנ פוּן תַּלְמוּד תּוֹרָה
לְכָבוֹד דֶעם בַּטְלָן לְכָבוֹד דִיא אָרִימֶע שְׁטִיקִיל סְחוֹרָה
בַּאיי דִיא תְּנָאִים וַוייזְט דֶער בַּטְלָן אַפְּלַאן
וִויא אַזוֹ מִיא צָאלְט אוּיס הַיינְט אַנַדְן

## יא.

אַז אֵין מֶשֶׁךְ פוּן קֶעסְט
צָאלְט מֶען אוּיס אוּנ מִיא עֶסְט

דָער וַוייל אַף סַתָּנות אונ חַתוּנָה הוֹצָאוֹת
הָאבִּין זִיךְ גִיפוּנֶגען וַוייבֶּער פון אִסָתוֹת
וָואס זַיינֶען גִינַאנֶגען מִיט זְכוּת אָבוֹת
אויף מַאכִין אִין שְׁטָאט נְדָבוֹת

# יב.

עָס אִיז שוין ב״ה שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן
שַׁיין מז״ט כַּלָּה מז״ט חָתָן
עָס לויפִין אַלֶע אַף דָער חָתוּנָה לְשֵׁם מִצְוָה
עֶס קְלֶעקְט שַׁיין נִיט קַיין פּוּשְׁקֶע אונ קִצְבָה
מִיא הָאט וַייא שַׁיין פַאר דְרֵייט דִיא יָארִין
זַיי מֶעגִין שוין קְלָאגִין אַף דָעם טָאג פון זֵייעֶר גִיבָּארִין

# יג.

וָוער אִיז דָאס נִיט דָערִינֶען קְלָאר
אַז אַזוֹ אַזִיוִוינ הַאלְט מֶען אוים קַאם אַפָּערְטִיל יָאר
אִין בַּטְלָאנִישִׁין קֶעסְט דַארְף מֶען זַיין נֶעגִיט
אַז דָער עוֹלָם אִיז פון קְרַאנְקַייט גִיהִיט
אִיז צוּא דָער פַּרְנָסָה אַנְרוֹיסֶער חִסָרוֹן
מוז מֶען שוין דִיא הוֹצָאָה אַיין שְׁפָּארִין
אונ אַז קַיין נְגִידִישֶׁע חַתוּנוֹת אִיז אויךְ נִיטָא
אִיז דֶער עֶסֶק נָאךְ מֶער בִּלְאה

## יד.

אונ אַז פון כּיבּוד יו"ט דיא בּטוּחות
קוּמֶען נָאר אָן אַנְדֶערֶע רוּחות
וָוערְט פוּן יָעדֶערִין אָפּ גִישְׁפָּארְט
וָוערְט נָאר שְׁלֶעכְט אַפִּין אָרְט
אִיז רֵאשִׁית חָכְמָה
גֵייט אוּים פַייא זַייא דיא לַחְמָא

## טו.

וִויא נָאךְ בַּייא הַיינְטִינֶע וָועלְט
ווָאס עֶס קָאסְט טַייעֶר דִיא דִירָה גֶעלְט
אונ. מִיא דַארְף נָאךְ גֶעבִּין פָאר אוּיס
טְרַייבְּט מֶען גְלַייךְ דֶעם אֵייְדֶעם אַרוֹיס
אַזוֹ אִיז דָא דִיא מַעֲשֶׂה גִיוֶועזֶען
דִיא זֶעלְבִּינֶע זַאךְ אִיז דָא אוֹיךְ גִישֶׁעהֶען

## טז.

פְרִיעֶר דֶער בַּטְלָן פון דָאס גֵייא
אִיז גִיוֶועזֶען דֶעם אֵדִים גִיטְרַייא
אַז מִיא פְלֶעגְט אִים בֶּעטִין אַף אַסְעוּדָה
פְלֶעגְט עֶר אַלֵיין זִיצִין וִויא אַסְנוּדָה

אוּנ זַיין יוצֵא
מִיט דָער שְׁטִיקֶעלֶע אַמוצִיא

# יז.

אונ פַאר דָעם אֵיידִים בְּרֵיינְגֶען זַיין חֵלֶק
אַפָּאלְקֶע צוּא אַשְׁטִיק בֵּיילִיק
וִויא זַייא הָאבִּין זִיךְ אַבִּיסִיל אַיינְגִיוֵויינְט
הָאט עֶר עֶם שׁוין אַזוֹ שְׁטַארְק נִיט גִישַׁיינְט
אַז עֶר פְלֶעגְט קוּמֶען פוּן אַוַואךְ נַאכְט
הָאט עֶר שׁוין זַיין חֵלֶק פַאר דִיא וַוייבּ גִיבְּרַאכְט

# יח.

אונ דָא הָאט עֶר גִיט גִיהַאט קֵיין שׁוּם נָס
נִיט קֵיין הוֹלָה נִיט קֵיין מֵת
הָאט זִיךְ דִיא שְׁווִיגֶער גִישְׁטֶעלְט פֶּעסְט
אָפּ זָאגִין דָעם אֵדִים פוּן קֶעסְט
וָואס זָאל נֶעבַּאךְ דָער אֵדִים טָאן ?
עֶם קְלַאפְּט עֶם אַצָאן אָן אַצָאן

# יט.

הָאט עֶר זִיךְ אַרָאפּ גִירוּגְט דִיא הִיטִיל
אונ הָאט נֶעבִּיךְ אָן גִיהוֹיבִּין צוּ טְרַאכְטִין אַמִיטִיל

אונ זאגט צוא זיך אַליין
מיט אַביטערין גיוויין
וואס טוט מען אין גָעלט
וויא לעבט מען אַף דער וועלט

# כ.

זאל איך זאך גֶעבֶען צו קְנֶעלין
קען מען דְיֵיך פון. פון הונגער גישְׁווָעלין
געבין זאך צוא בטלנות אַשְׁפְּרונג
בין איך דער צוא צוא יונג

# כא.

יין אַרְבֶּעטִין אַפִין טָאג
איז מיר אַגְרויסֶער קְלָאג
סיא וועט שְׁרַייעֶן טו. טו.
מיינע כוחות איז גאר ניט דער צו
זיין אַמְשָׁרֶת אין אַסְקְלַאד
איז דאס גאר ניט מיין גְרַאד
ערנֶען זיך עֶרְסְט אַמְלָאכָה
איז שוין שְׁפֶּעט צוא ציעֶן אויף זיך דיא סאכע

## כב.

אַוֶועק צו לָאזין זַאךְ אַף דָער מְדִינָה
אִיז אויךְ נִיט קיין תָּוֶה סִינָא
וָוארום גַיין סִבָּת לְבַּיִת
אִיז אויךְ נָאר נִיט קיין חִיוּת
גַיין אִין דָער יְשִׁיבָה צו רִיק
אִיז פָאר סִיר אויךְ דָא אַקְנַאפֶּער גְלִיק

## כג.

אונ שְׁוֶוער אונ שְׁוִוינֶער זַיינֶען פַאר זִיךְ גִירֶעכְט
עֶס אִיז זַייא טַאקֶע שְׁלֶעכְט
דָער וַוייל הָאט מֶען דָעם אַדִים בְּחֶרְפָּה אַרוים גִיטְרִיבְּ
אונ דִיא טָאכְטֶער אִיז בַּייא זַייא גִיבְּלִיבִּין

## כד.

בַּייא נָאכְט אִיז צָאדִיקִיל גִיקוּמֶען
אונ הָאט דִיא טָאכְטֶער פַאר נוּמֶען
נִיט וִויא קֵיין פְּרוּם
נָאר פוּן קָאפּ בִּיזִין פוּס
אונ דָער וַוייל אִיז אִים אַפְלַאן אַיינְגֶעפַאלִין
אַז עָר אִיז נָאךְ נִיט פַארְפַאלִין

עֶר וָועט צוא חֲסִידִים אַנְטְלוֹיפִין
אונ אִין זַייעֶר חֶבְרָה זִיךְ איין קוֹיפִין

## כה.

אֵיין מָאל בַּייא זַייא אִיז נִיטָא קַיין הִירְצִין
אונ זַייא טוּעֶן ווִידֶער קֵיינָעם נִיט שְׁטִירְצִין
טְרָעפְט ווִידֶער אֵיינָעם אַנוּיס
גִיט מֶען אִים אוֹיף בְּרוֹיט
סִיא קָאן ווִידֶער אָפּ קוּמֶען בַּאֲגוּדוֹת
מִיט אַקְלַיין חַאלֶעלֶע אַשָׁלוֹשׁ סְעוּדוֹת

## כו.

מֶע לַייט מֶע בָּארְגְט
אונ אַלְץ נִיט גִיזָארְגְט
דֶער רֶעבִּין אִיז אַלְץ מִיט בִּטָחוֹן
עֶס מֶעג נִיט זַיין אוֹיף שַׁבָּת אונ אוֹיף אָנְדֶערְוָואכִין
דָאךְ גֵייט אַלְץ מִיט
אַבִּי דֶער גוּטֶער אַפֶּעטִיט

## כז.

עֶס אִיז אַמָאל גִימָאלְט
אַז עֶס אִיז נִיטָא נָאךְ אוֹיף צָאלוּנְט

איז אויך ניט קיין פֶעלֶער
לֶעקְט מֶען דֶעם אַנְדֶערִינְס טֶעלֶער
עֶס הַארְט גָאר נִיט דִיא וַוייבְּס רֵייד
אַז זִיא זָאל שְׁרַייעֶן אַקְלֵייד אַקְלֵייר
אונ אַז זִיא גִיט עֶס דוּךְ
וָואס זִיא גֵייט אֶן אַבְּרֶעקִיל שׁוּךְ

## כח.

עֶר זָאגְט אויף גויָעשׁ וֵוייסְט וָואשׁ מִיא טוּט
„פוֵי פוֵי סְמוּטְקָא זַאבוּר"
קוּמְט ווִידָער אַחָסִיד אֶן אַהֶעמְד
זַאךְ צוּא שְׁלֶעפִּין פוּן דֶער פְּרֶעמְד
מִיטִין הַארְצִין אָפִּין
אַבִּיסִיל בַּאזוּיפִּין
אונ בְּרֵיינְגְט דֶעם לֶעצְטִין סֵדֶר
פַאר הוּלְטַייעֶט מֶען דָאס מִיט גוּטֶע בְּרִידֶער
הַיינְט ווִידֶער פִירְט מֶען זַאךְ אִידֶעשׁ
אַרִיכְטִיקִין רְבִיעִית אויף קִידוּשׁ

## כט.

דֶער קוּק אִיז טַאקֶע אויף עוֹלָם הַבָּא
דֶער וַוייל אִיז אָבֶער אַקְדוּשָׁה רַבָּא

דֶער לַאנגְט מֶען נָאר עֶפֶּעס פַארְבַייסִין
איז פְּרַאנְק אונ פְרַייא אִיטְלִיכִין פון טֶעלֶער רַייסִין
סִיא הַאפְּט מִיט דִיא פִינְגֶער
מֶען לֶעקְט מִיט דִיא צִינְגֶער

# ל.

דַארְף נָאר אֵיינֶער פָארִין צום רֶעבִּין
דָא אִיז שׁוֹין גָאר אַנַאיְיֶער לֶעבִּין
דַארְף מֶען זִיךְ אַצַייט צוּא גְרֵייטִין
אַז אַלֶע זָאלִין אִים קֶענֶען בַּאלֵייטִין
פִיל עֶר נֶעמְט מִיט אויף הוֹצָאוֹת
לֵייגְט אִים נָאךְ אִיטְלִיכֶער צוּ הֲגָהוֹת

# לא.

עֶס בַּאלֵייטִין עֶס פִיל
מֶע טְרִינְקְט בְּרַאנְפִין דֶער בַּייא פִיל מֶען וִויל
בִּיז עֶס בְּלַייבְּט נִיט בַּייא זַייא אַגְרָאשִׁין
בַּייא פִיל וֶוערְט קִילֶע דֶער לָשׁוֹן
זַייא מֶעגִין בְּלַייבִּין אויף דִי פִּיס מָטֶה
רוּעֶן זַייא זַאךְ אָפּ אִין בְּלָאטֶע
אונ אִיטְלִיכֶער גִיט עֶם מִיט זַיין עֲבֵירָה
עו׳ זָאל אַוֶעק פִירִין צום רֶעבִּין אֶל אֶרֶץ גְזֵירָה

קוּמְט עֶר צוּם רֶעבִּין אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה
בְּרֵיינְגְט עֶר אִים אַמַתָּנָה

# לב.

דוּכְט זַאךְ אַז דֶער רֶעבֶּע זִיצְט שׁוֹין גָאר אוֹיבִּין אָן
אוּנ דֶער קֶענְט בַּאלְד וָואס עֶר הָאט גִיטָאן
וִויא עֶר גִיט נָאר מִיט דִיא כְּשֵׁרָה אוֹיגְעלַאךְ אַקוּק
גִיט עֶס בַּאלְד אִין הַארְצִין אַרוּק
אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פְּרָאבֶּע
עֶר מוּז זַיין חוֹזֵר בִּתְשׁוּבָה
אַז מִיא הָאט שׁוֹין פוּן דִיא חֲטָאִים קֵיין גְרֵיזָאטֶע
טְרִינְקְט מֶען עֶרְשְׁט בְּרַאנְפִין מִיט אַנַאנְדֶער אַחָאטֶע
מִיא וֶוערְט מִיט מַצוֹת גִיקְרָאפְּט
מִיט קְדוּשָׁה גִישְׁטָאפְּט

# לג.

קוּמְט עֶס אוּים צוּ רִיק צוּ פָארִין
קֶען מֶען פוּן דִיא הוֹצָאוֹת עֶפֶּעס אָפּ שְׁפָּארִין
הָאט מֶען נָאךְ אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטִין אָנְבַּייסִין
אָבֶּער וֶוען נִיט הוֹבְּט מֶען זִיךְ אָן מִיט דִי וַוייבּ צוּ רַייסִין
לוֹיפְט מֶען אַוֶועק צוּ דֶער קוּמְפַּאנֶע
אוּנ עֶס וֶוערְט אִין קְלַייזִיל אַזְבִּירַאנֶע

## לד.

מֶע לֵייגְט זַאךְ צוגוּיף אַפָּאר גִילְדִין
אַבִּי דִיא וַוייבְּס פִּיסְקֶעלֶע אַיין שְׁטִילִין
אוּנ אַלֶע חֲסִידִים שְׁטֵייעֶן פַאר אִים מִיט בּוּשָׁה
אוּנ זַיינֶען אִ״ם נָאר מְקַנֵא זַיין קְדוּשָׁה
הוֹיבְּט מֶען אָן מִיט עָם צוּ שַׁאסְייעֶן
אַבִּי דִיא קְדוּשָׁה פוּן אִים אוֹיסְנַאשִׁין
מִיט דֶעם לְחַיִּים לְחַיִּים
צִיעֶן זַיי אוֹיס דִי קְדוּשָׁה וָואס עֶר הָאט פוּן רֶעבְּעס שִׁירַיִם

## לה.

הַיינְט וִויא לֶעבְּט מֶען אָפּ דִיא יָארִין
נָאר אָן אַשׁוּם חִסָרוֹן
אַז דֶער לֶעבִּין גֵייט אַוֶועק אִין שִׁיעָס
אַפָּאר שָׁעוֹת דוֹיעֶרְט דִיא מְקָוָאוֹת
הַיינְט מִיטִין פַייעֶר גִיצַיינ אוּנ הוּפֶּקְע
מִיט קוֹרֶען דִיא מְרוּפֶּקְע

## לו.

קוּמְט קָאם אָן צוּם רָאוְונֶען דֶער בְּרֶען
גִיט מֶען בַּאלְד אַתְאפּ דִיא מַלְאָכִים אִין פְּלֶען

זֵייא מוּזִין פַאר טְרַייבִּין דִיא כַּת לִילִית
אַרוּיף בְּרֵיינְגֶען זֵייעֶרֶע תְּפִילוֹת
עֶס גֵייט זֵייעֶר גִיךְ אוּנ גוּט
דֶער רַאוּוֶנֶען דוּיעֶרְט נָאר אַפָּאר מִינוּט

## לז.

אַפַּאץ אַטוּפּ
אַפְּלִיא אַשׁוּפּ
דֶעם מַלְאַךְ אַשְׁטוּפּ
דֶעם אַנְדֶערִין אַצוּפּ
דֶעם דְרִיטִין אַקְנִיפּ
דֶעם אָפּ גֶערִיסִין אַלוּפּ

## לח.

מֶער אַלְץ וִויא מִיא הַיילְט
וֶוערִין דִיא מַלְאָכִים צוּ קַיילְט אוּנ צוּ בַּיילְט
בַּאלְד נָאךְ דֶעם מוּז זַיין אַתִּיקוּן
אַבִּיסִיל דַאס הַארְץ צוּ דֶער קְוִויקִין
דֶער וַויילֶע וֶוערְט נַאכְט
אוּנ אַזוֹ וֶוערְט דֶער גַאנְצֶער לֶעבִּין פַאר בְּרַאכְט
גִיט מֶען אֵיינֶעם אַהִין אַרוּף
פְּרֵייט זַאךְ בַּיי עֶס דִי נְשָׁמָה מִיט דֶעם גוּף

## לט.

בּייא עֶם זַיין רוּשְׁע
איז אָנְגֶעפִּילְט מִיט קְדוּשָׁה
אוּנ זַיין חוֹמֶר אָן אַמְצָאעָם
אִיז גִילַייטָערְט פוּן נְקִיוּת מִקְוָואוֹת אוּנ מַשְׁקָאוֹת
דִיא אַלֶע זַאכִין הָאט עֶר רִיכְטִיג בַּאקְלֶערְט
אַז חֲסִידִים הָאבִּין אַגְרוֹיסִין וֶוערְד
אִיז עֶר גִינַאנְגֶען אִין דָאס הויז
וואוּ דָער רֶעכְטֶע קְלוֹיז
אוּנ לוֹיפְט אַריין אַהִין מִיט הָאזֶע
הֶערְט נָאר אַזוֹינֶע לַייט זָאלִין זַיין בַּיי מִתְנַגְדִים מְבוּזֶה

## מ.

בִּיי מִיר זַייט אִיר מְהוּדָר
אוֹיךְ טַייעָרֶער פוּן מַיין בְּרוּדֶער
וָואס טוֹיג מִיר דִיא מִתְנַגְדִישֶׁע פּוּצִין
עֶפֶּעס טָארְמֶען זַאךְ נִיט דוּצִין
בַּייא אַייךְ אִיז טַאקֶע דוּ דוּ
אוּנ וָואס מַאכְסְטוּ וָואס מַאכְסְטוּ
אוּנ עֶם אִיז גְלַייךְ זְקֵנִים אוּנ נְעָרִים
רַייךְ אוּנ אָרֶעם

אִיךְ בֶּעט אַייךְ נֶעמְט מִיר אִין חֶבְרָה אַריין
אִיךְ ווִיל אויךְ אַחָסִיד זַיין

# מא.

אונ נָאךְ דָעם עֶרְשְׁטִין תִּיקון
ווִיל אִיךְ אַלֵיין בַּאלְד שִׁיקִין
אִיךְ הָאבּ אָפִילוּ נִיט קֵיין מְזוּמָן
הָאבּ אִיךְ אָבֶּער גִיבְּרַאכְט אַסִימָן
אֵיידֶער מַיין ווַייבּ זָאל רַייסִין דִיא קְלֵיידֶער
זָאל דָאס בֶּעסֶער בְּלַייבִּין בַּייא אונְז אִין חֶדֶר
אִיךְ גִיבּ דָאס אָפּ צוּא אַייךְ
נוּא זָאגְט אַלֵיין צוּ אִיז דָאס נִיט גְלַייךְ ?

# מב.

ווָאס מִיר ווֶעלִין דָא אויף טָאן בְּרָכות מִיט זַאכִין
זָאל דָאס עֶפֶּעס בַּייא דִיא מִתְנַגְדִים אַרוּשָׁם מַאכִין
אִיךְ ווָאלְט זִיךְ שׁוין ווֶעלִין זֶעהֶען אוֹיפִין אָרְט
בַּאלְד מִיט אַקְעוִויט אַקְוָוארְט
נָאךְ אַזוינֶע מַייעָרֶע וִיכּוּחִים
הָאבִּין זַאךְ דָא גִיפוּנֶען אַבִּיסֶעלֶע שִׁילוּחִים
מִיט נודות נְפוּחִים
מִיט גופות סְרוּחִים

## מג.

סיא האט דאס גיבראכט אביסעלע משקה
אפילו נאר איין פלאשקע
אבער פון דעם ערשטין שפרונג
עס האט טאקע גיספיילעט דער צונג
איינער האט פאר גלאצט מיט דיא אויגין אוואו
אונ האט מער נים גיקענט ריידין קאם וויא דו דו
איינער האט איבער דיא ציין גיזייט
איינער האט נאר אין אווינקיל גישפייט
ער האט דאס נט נאך געקוקט
אונ האט זיך צו זייא גוט צו גירוקט

## מד.

בקיצור דער איינער
איז גיווארין אחסיד מיט דיא פיינער
אונ פארלאזין וואנצעס מיט פיאות
אזו וויא דיא לאנגע שלייעס
אמאל האט אים גיטראפין דער שווער
דיא ער שלעפט זיך ארום מיט חסידים אהין אונ אהער
זאגט ער מיין קינד וואס איז דיר גישעהען ?
אזס דו האסט זיך פורש גיוועזן

פון דַיינֶע עֶלְטֶערֶע מַתְמִידִים
אונ פִירְסְט זִיךְ אַרוּם מִיט חֲסִידִים
דָאס מֶעג אָפְּט זַיין אַגוּטֶע מִדָה
נָאר מַיין טָאכְטֶער וֶועט נִיט זַיין קֵיין חֲסִידָה

## מה.

אַז דוּא וֶועסְט אִיר שׁוין בֶּעטִין
וֶועט צִיא דִיר דֶעם קָאפּ צוּ פְּלֶעטִין
אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר גִינוּג וואוּנְדִין
דוּ הָאסְט מַיין טָאכְטֶער דִיא יָארִין פַאר בּוּנְדִין
קָען עֶפֶּעס אַמֶענְטְשׁ טוֹיגִין
אַז עֶר גֵייט שְׁטֶענְדִיג מִיט פַאר גָאסֶענֶע אוֹיגִין
דוּ הָאסְט דֶער מִיט אַסַךְ גִיפֶּעלְט
זָאג נָאר מִיט וָואס פַאר בְּרֵיינְגְסְטוּ דַיין וֶועלְט ?

## מו.

דֶער אֵדִים הָאט דֶעם עַזוּת פָנִימְדִיקִין גַאנְג
שׁוין גִיהַאט נָאךְ פוּן לַאנְג
זָאגְט עֶר צוּ אִים דוּ אַלְטֶער נַאר
דוּ וִוילְסְט זַיין אִיבֶּער מִיר אַ אוֹיבֶּער הַאר ?
אִיךְ זָאל בַּייא דִיר שְׁטֶענְדִיג פוֹילִין אונ שִׁימְלֶען ?

אִיךְ הָאבּ עֶרְסְט מִיט חֶבְרָה גִישַׁאסְייעֶט
הָאבּ אִיךְ גִיזֶעהֶן אויךְ אַלֶע זִיבִּין הִימְלֶען
אונ דַיין טָאכְטֶער וִויל אִיךְ נִיט
אונ לֶעבִּין זָאל מִיר טַאקֶע דֶער אָקֶעוִויט

# מז.

וויא דֶער שְׁוֶוער הָאט דָאס דֶער הֶערְט
אַז דֶער אֵדִים הָאט בַּאקוּמֶען אַזוֹ אַוֶוערְד
אונ הָאט גִיקְרִיגִין אַזוֹ אַשְׁטַארְקֶע רְאִיָה
אונ הָאט אִין אַלֶע הִימְלֶען אַיְדִיעָה
זָאגְט עֶר צוּ אִים וָואס אִיז דָאס דִיר גִישֶׁעהֶען
אַז דוּ הָאסְט יֶע אַלֶע זִיבִּין הִימְלֶען גִיזֶעהֶען
דָאס אִיז דָאךְ פוּן גֵיהִנָם אויךְ נִיט וַוייט
טוּ זָאגְט מִיר נָאר וָואס דֶער גֵיהִנָם בַּאטַייט
מִיר בַּטְלָנִים רַאטֶעוָועְן אַרוּים אַלֶץ יֶענֶעם
אונ מִיר וֵוייסִין אֲפִילוּ נִיט וָואס עֶס אִיז נָאר דֶער גֵיהִנָם

# מח.

טְרַאכְט זִיךְ דֶער אֵדִים דֶער אַלְטֶער שׁוֹטֶה
פוּן וַואנִין זָאל אִיךְ וִויסִין וָואס עֶס טוּט זִיךְ מִיט טוֹיטֶע
זָאל דָאס מִיךְ נָאר עֶפֶּעס הַארִין
אַזויינֶעם אִיז אַמִצְוָה צוּ נַארִין

מִיא דַארְף עֶפֶּעס אוים מְרַאכְמִין אַ אַמְצָאָה
וָואס עֶר זָאל מַאקְע הָאבִּין דֶער פוּן הֲנָאָה
אוּנ זָאגְט צוּ אִים שְׁוֶוער לֶעבִּין
פְּרֶעג עֶפֶּעס וֶועל אִיךְ דִיר בַּאלְד אַתְּשׁוּבָה גֶעבִּין

פְּרֶעגְט דֶער שְׁוֶוער וָואס אִיז אִין גֵיהִנָם
אוּנ וִויא אִיז דָארְט דֶער גֵיהִנָם׳

---

# דִיא תְּשׁוּבָה פוּן אֵיידִים .

## א.

דֶער גֵיהִנָם אִיז גִינוּג לַאנְג אוּנ בְּרֵייט
פַאר יֶעדֶערִין זַיין רִיכְט אִיז אַיין גִיטֵיילְט
מִיט גְרוֹים שְׁמֶערְצִין אוּנ פִיל פְּלָאג
מֶען זַאלֶעוָועט נִיט מֶען גִיט נָאךְ זֵיי אוּיף בָּארְג

## ב.

דִיא וָואס בַּאקִין אוּנ בְּרָאטִין אוּם שַׁבָּת
שְׁטֶעלְט מֶען זֵיי דָארְטִין אַף הֵייסֶע שַׁקְאוָורָאדֶעס

אַ דיב מִיט אַסֶערְדָער וואָס בְּרֶעכִין זֵייעֶר רָעלִיגְיָאן
אַשְׁרֶעק אַפַּחַד וואַסֶערֶע יְסוּרִים מֶען טוּט זֵייא אָן
מַיינֶע לִיבֶּע בְּרִידֶער לְאמִיר פוּן דָארְמִין אַנְטְלוּיפִין
עֶס זָאל אוּנְז דֶער הֶעלֶעשֶׂער פַּייעֶר נִיט גְרֵייכִין

# ג.

אִיר זָאלְט נִיט מֵיינֶען דָאס אִיז אַגְלַייךְ וָוארְט
יֶעדֶער אוּמֶרֶעכְט הָאט זִיךְ דָארְטִין זַיין אָרְט
הָאט מוֹרָא פַאר דֶעם בַּאשֶׁעפֶער
פוּן אוּמְרֶעכְט אַנְטְלוּיפְט וואוּ עֶס וַואקְסְט פֶּעפֶער
מֶען שֵׁיינְקְט נִיט אִין גֵיהִנָּם אוּיף אַיין הָאר
מֶען מוּז פַּאקוּטֶעוֶוען דָאס אַגַאנְץ יאר

# ד.

אָרֶעם אוּנ רַייךְ
אִיז דָארְטִין פִיל גְלַייךְ
אָרְב מִיט אַבֶּעדָער
אַשְׁנַיידֶער מִיט אַסוּסְטֶער פַאר שְׁלֶעכְטֶע לֶערֶער
אַזוֹ וִויא דֶער שְׁפִּיגִיל ווַייזְט אַצוּרָה אַנְטְקֶעגִין
אַזוֹ אִיז יֶעדֶער זַיין אוּמְרֶעכְט טוּט עֶס בַּאגֶעגִינֶען

## ה׳

מֶען הֶערְט דָארְטִין יָאמֶר אונ קְלָאגִין
פון גְרוֹיס שְׁמֶערְצִין אונ שְׁטְרֵיינְגֶע פְּלָאגִין
עֶס הֶעלְפְט נִיט קֵיין גִיבֶּעט אונ גֶעלְט
וַוייל דֶער אֶמֶת אִיז אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט
פַאלְשְׁקֵייט גִילְט נִיט דָארְטִין
דְרוּם פְרֶעגְט מֶען נִיט קֵיין פְּרַאשְׁפָּארְטִין

## ו׳

פַאלְשֶׁע מֶענְטְשִׁין קוּמֶען אַהִין
מֶען נֶעמְט בַּייא זֵייא אָפּ חֶשְׁבּוֹן וָדִין
מֶען וַוייזְט זֵייא אַף קְלָאר אַלֶע זִינְד
אֲפִילוּ דִיא אוּמְרֶעכְט וָואס טוּט אַקִינְד

## ז׳

אַלֶע שְׁרַייעֶן אָח אונ אָח וַוייא אונ וַוייא
דוּא בַּאשֶׁעפֶער עֶרְבַּארֶעם זִיךְ אוֹיף זֵייא
מִיט עֶרְלִיכֶע לַייט הָאט עֶר נִיט וָואס צוּא מַאכִין
זֵייא טוּעֶן פוּן גִיהִנָם אוֹיס לַאכִין
דֶער גִיהִנָם טוּט זִיךְ פוּן זֵיי אָפּ שֵׁיידִין
אונ זֵייא פְלִיעֶן גְלַייךְ אִין גַן עֵדֶן

## ח.

דֶער בַּאשֶׁעפֶּער אִיז אֵיינֶער וְויא גְרוֹיס אִיז זַיין וֶוערְק
צוּ דֶער מָאנֶען זַיין נָאמֶען אִיז אַיין אֵימָה אוּנ אַשְׁרֶעק
זַיין זָאג הָאט בַּאשַׁאפִין הִימִיל אוּנ עֶרְד
צוּא אַלֶעמֶען הָאט עֶר זִיךְ גִיקֶערְט
עֶר זָאל אָפּ נֶעמֶען זַיין מַאכְט אַוֶוילֶע
אַזוֹ וֶוערְט נָאר דִיא וֶועלְט קִיילֶע

## ט.

אַלֶע הָאבִּין צוּ אִים מִיט זֵייעֶר לֶעבִּין
אֲפִילוּ מַלְאָכִים וָואס טוּעֶן אַפִּין הִימִיל שְׁוֶועבִּין
פַייעֶר אוּנ וַואסֶער אוּנ ווינְד זַיינֶען זַיינֶע דִינֶער
אוּנ דִיא עֶרְד עֶרפִּילְט זַיין פַּאר זָאג מִיט אִירֶע שְׁטֵיינֶר
אַלֶע זַיינֶען אִים זֵייעֶר טְרַייא
אֲפִילוּ דוּנֶערִין אוּנ בְּלִיצִין מִיט זֵייעֶר גִישְׁרֶייא
אִים מוּזִין מִיר אַלֶע דִינֶען
אָבֶּער מֶער נִיט קֵיינֶעם—נָאר אִים צוּ בַּאשֵׁיינֶען

---

# שַׁאֲלוֹת וּתְשׁוּבוֹת .

### שאלה א.

צוּ הָאסְט נִיט גִיפְרֶעגְט פוּן גֵיהִנָם דֶעם הִיטֶער
סִיא שְׁטַייסְט טַאקֶע דַארְטִין מִיט אַייזֶערְנֶע רִיטֶער

### תשובה א.

דָארְטִין הָאבִּין דִיא גַאנְצֶע כִּיתָּה
צוּא אַייזִין קֵיין שׁוּם שְׁלִיטָה
דֶען צוּ פְלֵייש אוּנ אֵייעֶר בְּשַׁעַת תְּקוּפָה
אִיז נָאר דֶער צוּא אַייזִין אַתְּרוּפָה

### שאלה ב.

דֶער וָואס לַיידֶעט פוּן אַוַוייבּ אַ אַרוּרָה
פַאר שְׁפֶּארְט טַאקֶע צוּ זֶעהֶען דֶעם גֵהִנִּימְס צוּרָה

### תשובה ב.

דָארְטִין שְׁטֶעלְט מֶען אִים פַּייגִין
וָואס הָאט עֶר אִיר נָאר גִיהַאט צוּ שְׁוַוייגִין
אוּנ אַז זִיא וֶועט קוּמֶען צוּ אִים אוֹיף קִבְרֵי אָבוֹת
זָאל עֶר וִויסִין אַז דָאס אִיז נָאר אִין קַאפָּאוֶועס

שאלה ג.

וויא איז מען דארטין דן
אשלעכטין מאן

תשובה ג.

ער האט דארטין אסיעסין בארוף
אונ מע דעקט אים דיא תרפה אויף
דער גיהנם איז נים אזו אקויל
וויא אז מען פאלט אריין צו ווייבער אין סויל

שאלה ד.

וויא איז דארטין דער דין
אז עס קומט אסוחר אהין

תשובה ד.

דארטין לייזט ער אסך פון אלע קראמען
אונ קריגט דער צוא אקרעדיטנעם נאמען

שאלה ה

האסטו ניט גיזעהען אין דיא פרענומעראנטין
צוא איז ניטא דארטין ווער פון דיא פאבריקאנטין

תשובה ה

פאר לייגין מיטין גיהנם אפאבריק
איז אויך ניט קיין גרויסער גליק

שאלה ו.

זָאג נָאר מִיר דָארְטִין אַפָּאדְרַאצִיק
צוּ זַיין גִישָׁעפְּט אִיז גוּט אָדֶער פְּלַאטְצִיק

תשובה ו.

גִיט עֶר אַזאלָאג צוּא דִיא יוֹרְדֵי דוּמָה
קְרִיגְט עֶר בַּאלְד אִיזרַאצְיֶע אַגְרוּיסָע סוּמָא

שאלה ז.

בּוּכְהַאלְטֶערְס קַאסִירָערְס
זַיינֶען דָארְטִין אוֹיךְ עֶפֶּעס פִּירָערס

תשובה ז.

זַייא הָאבִּין דָא דָעם גֵיהִנָם אַף זִיבָּער
אַז מִיא גֵייט רֶעוִוידִירִין זֵייעָרֶע בִּיכָער

שאלה ח.

אַז דוּא בִּיסְט יֶע אַזוֹ אַמַגִיד
וָואס טוּט מֶען מִיט אַחָסִיד אַז עֶר וֶוערְט אַמִתְנַגֵד

תשובה ח.

מִיא אִיז אִים מוֹסֵר צוּא הֲסִידִים בְּעֵת תִּיקוּן
קֶענֶען זֵיי אִים אִין קָאפּ בַּייסִין אוּנ צוּ פְּלִיקִין

שאלה ט.

וָואס טוּט מֶען בַּעל עֲגָלוֹת
וָואס דֶער סוֹחֵר אִיז בַּייא זַייא אִין גָלוּת

תשובה ט.

מֶע זֶעצְט אִים כְּסֵדֶר
מִיטִין מֶעקְלֶער אִין אֵיין חֶדֶר
דֶער מֶעקְלֶער צִיט אִים אָפּ דִיא הוֹיט
אוּנ עֶר מַאכְט דֶעם מֶעקְלֶער דֶעם טוֹיט

שאלה י.

וָואס טוּט מֶען דִיא קַצָבִים
אַז זַייא זַיינֶען דָארְטִין חַיָבִים

תשובה י.

דָארְטִין אִיז אַפִין הַקְרִישִׁין שְׁטֶעל
מִיא נֶעמְט בַּייא זַייא חֵלֶב אוּנ פֶעל

שאלה יא.

אוּנ וִויא טוּט מֶען זַאךְ בַּאגֵיין
מַאקְעַ מִיטִין חוֹפֵר אַלֵיין

תשובה יא.

אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט פוּן דִיא עוֹבְרִים וְשָׁבִים
אַז מִיא גִיט אִים אָפּ אִין הַיא הֶענְט פוּן דִי קַצָבִים

שאלה יב.

וָואס פַאר אַבְּרַאעָרַייא
סַאגְט סֶען דָארְטִין טִיט דִיא שְׁנַיידָערַייא

תשובה יב.

דָארְטִין אִיז זַייא זֵייעָר בִּיטֶער
עֶס קוסְט זַייא נִיט אַרָאפ אַשְׁטִיקִיל יִתוּר

שאלה יג.

אוּנ דִיא שׁוּסְטֶערְס פַאר דִיא פַאלְשֶׁע שְׁטֶעךְ
וָואס קְלֶעפִּין צוּ מִיט סְטָאלֶע אוּנ פֶּעךְ

תשובה יג.

דָארְטִין אִיז פַאר זַייא גָאר אַוָועלְט
מִיא גִיט זַייא סְטָאלֶע אוּנ פֶּעךְ גָאר אָן גֶעלְט

שאלה יד.

צִיא דָארְטִין לַייְדַאקָעם
זַיינֶען אוֹיךְ בְּרַאקָעם

תשובה יד.

דָאס אִיז זֵייעָר שַׁיין
וואו הָאבִּין זַייא צַייט לֵיידִיג אַרוּם צוּ גֵיין

שאלה טו.

וָואס אִיז דָאס מִיט דִיא רוֹפְאִים
וָואס צִיעֶן זַאךְ אַהִין לָאֲלָפִים

תשובה טו.

מיט זייא איז אַנאַנדֶער רַאצְיָיע
מִיא לֶערינְט זיךְ אַף זיי א מַאכִין רַאפְּעַרַאצְיָיע

שאלה טז.

זָאג מִיר נִיט קַיין שֶׁקֶר
וְויא אִיז דָארְטִין מִיטִין בֶּעקֶער

תשובה טז.

מִיטִין בֶּעקֶער אִיז אַזוֹא
וְויא מִיא בַּאקְט אִים אִיז עֶר אַלְץ רוֹיא

שאלה יז.

וִויא אִיז מִיט אַפִּישֶׁער
וָואס פֶאר קוֹיפְט אַלְטֶע נִשְׁאָר

תשובה יז.

דָארְטִין אִיז עֶר פְּרִישׁ
עֶר צַאפִּילְט זַאךְ וְויא אַפִּישׁ

שאלה יח.

צוּא פַארִין שׁוֹחֲטִים חֲלָפִים
צִיטֶערִין עֶפֶּעס דָארְטִין מַלְאָכִים אוּנ שְׂרָפִים

תשובה יח.

דָארְטִין גֵייט עֶר זִיךְ בִּנְעִימוּת
דָאךְ זוכְט מֶען אוֹיף עָם פְּגִימוּת

שאלה יט.

וְויא קוּמִין דָארְטִין אִיבֶּער דֶעם בַּארְג
דִיא וָואס הַאנְדְלֶען מִיט רוֹיכְוַוארְג

תשובה יט.

מִיא הֵייַנְגְט זֵייא אִין דִיא גִיוָועלְבִּין אוֹים
אוּנ מִיא קְלַאפְּט אוֹים דִיא מָאהְל זָאל פוּן זֵייא אַרוֹים

שאלה כ.

דָארְטִין דִיא כְּלֵי זְמָרִים
שְׁפִּילִין אוֹיךְ עֶפֶּעס מִיט אַנֵייעֶם פָּארֶעם

תשובה כ.

זֵייא שְׁפִּילִין זַאךְ דָארְטִין מִיט קַאטָאוֶועס
מִיט דֶעם מַלְאַךְ הַמָוֶת

שאלה כא.

צוּא בַּרְחָנִים דָארְט
קוּמֶען אָפּ מִיט אַגְלַייךְ וָוארְט

תשובה כא.

דָארְטִין פַּאר זֵייעֶרֶע קַאטְאוֶועס
קריגין זיי . פוּן אַלֶע שֵׁיינֶע נדָבוֹת

שאלת כב.

הָאסְטוּ נִיט גִיפְרֶעגְט יֶענֶעם
צוא סוֹחֲרִים הַאנְדְלֶען אַמָאל מִיטִין גֵיהִנָם

תשובה כב.

הַיינְטִיגֶע הַאנְדְלוּנְג וָואס עֶס אִיז מִיט אָנְווַייזוּנְג
אִיז עֶרְגֶער פוּן דֶעם גֵיהִנְם לֵייזוּנְג

שאלה כג.

צוא גַבָּאִים פוּן תַּלְמוּד תּוֹרָה
הָאבִּין פַּאר יֶענֶע לַייט עֶפֶּעס מוֹרָא

תשובה כג.

אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה גִיפִינֶען זַאךְ מַלְאֲכֵי חֲבָלָה
אוּנ גַבָּאִים הָאבִּין דָאךְ אִיבֶּער זֵייא דִיא מֶמְשָׁלָה

שאלה כד.

אַף וָואס פַּאר אַגִירֶעם
וֶועגְט מֶען אַגָאלְד שְׁמִיד מִיט דוּבִּילִירֶערְם

תשובה כד.

דָארְטִין וֶוערִין זֵייא אַלֶע בּוּרְלַאנְטִין
מֶען שְׁלֶעפְּט זֵייא אוּיף אַלֶע קַאנְטִין

שאלה כה.

דָארְטִין אַזֵייגֶער מַאכֶער
פוּיג עֶפֶּעס צוּם שַׁאכֶער

תשובה כה.

מיא האַנְדילְט מִיט אִים אויף זַיין שְׁטֵיינֶער
אַלֶע וַויילֶע פַאר דְרֵייט מֶען אִים דֶעם זֵיינֶער

שאלה כו.

וִויא אִיז דָארְט
פַאר מְלַמְדִים אַנָארְט

תשובה כו.

דָאס הָאבִּין מִיר בְּקַבָּלָה
הַיינְטִיגֶע קִינְדֶער זֵיינֶען עֶרְגֶער וִויא מַלְאֲכֵי חַבָּלָה
זַיינֶען זֵייא נָאךְ פוּן דֶער גִילְדֶערְנֶער פָאן
הָאט דֶער רַבִּי דֶעם גֵיהִנָם אוֹיבִּין אָן

שאלה כז.

זָאג מִיר גָאר וָואס
הָאט דָארְט צוּ טָאן אַבַּאלֶעבָּאס

תשובה כז.

זֵייא קוּמֶען אַהִין אַרוּים
נֶעמֶען פַאר אַיָאר פָאר אוּים

שאלה כח.

וָואס קֶענֶען פְּרָאזְבֶעס שְׁרַייבִּין
קֶענֶען דַארְטִין אויף אַמִשְׁפָּט צוּא רַייבִּין

תשובה כח.

סִיא וַוייזְט זֵייא דָארְטִין אָן זַאקָאנֶעס
וָואס עֶס איז גָאר אָן רַחֲמָנוֹת

שאלה כט.

וָואס הָאט דָארְט צוּ טָאן אַפּוּסְטֶער לָערֶער
אַז זַיין שְׁפְּרַאכֶע גִילְט נִיט מֶערֶער

תשובה כט.

עֶר הָאט דָארְט צוּא טָאן גָאר אַסַךְ
וַוייל עֶר קֶען דָאךְ גוּט דֶעם טַייוִויל שְׁפְּרַאךְ

שאלה ל.

צוּא הָאט מֶען דָארְטִין פַאר דְרָאס
אַף דֶעם וָואס גִיט דָא אַפַּאלְשֶׁע מָאס

תשובה ל.

אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט דָארְטִין בְּעֶרֶךְ
אַז סִיא שִׁיט זֵייא דָארְטִין אָן אִיבֶּערִין וֶוערְךְ

שאלה לא.

סוֹפְרִים פוּן מְזוּזוֹת אונ קַמֵיעוֹת
הָאבִּין אַף יֶענֶע לַייט אויךְ דֵיעוֹת

תשובה לא.

פַאר זֵייעֶר פַאלְשִׁין שְׁטְרַאשַאק
קְרִיגִין זֵייא דָארְט אָן דֶעם אֶמְתֶען פְּסַק

שאלה לב.

וָואס קען מֶען דָארְטִין קְלֶערִין
אַרום דִיא קַאלֶעקְטֶערִין

תשובה לב.

זַיינֶען זֵייא נָאר מִיט יֶענֶע צֶעטְלֶען פַאר נוּסֶען
אִיז זֵייא דִיא ק"ן אלף לַייכְט צוּא בַּאקוּסֶען

שאלה לג.

ווִיא אִיז דָארְטִין מִיט אַפַּרְפַּאסֶער
וָואס זַיינֶע חִבּוּרִים אִיז צוּא פַּייעֶר אוּנ וַואסֶער

תשובה לג.

פַאר זֵייעֶרֶע נַארִישֶׁע פַאר פַּאסִין
גֵייעֶן זֵייא דָארְטִין דוּרְךְ אִיבֶּער אַנֵיים אַלֶע קְלַאסִין

שאלה לד.

צוּא אַפָּאלְנָא מָאצְנִיק אַבַּעֶסֶן
קֶען דָארְטִין אוֹיךְ אַלֶעם אוּים רַייסִין

תשובה לד.

דָארְט הַאלְט מֶען אִים זֵייעֶר מַייעֶר
מִיא גִיט אִים נָאךְ צוּא אַסַךְ פַּייעֶר

שאלה לה.

צוּא בִּיסְטוּ דָארְטִין נִיט בַּאקֶענְט
מִיט דִיא לַייטִין וָואס נֶעמֶען פְּרִיצֶענְט

תשובה לה.

דָארְטִין פון פְּרִיצָּענְט קֶען גָאר נִיט וָוערִין
סִיא שְׁלָאגְט זֵייא אַלְץ אָפּ אַפִין קֶרֶן

שאלה לו.

צוּא דִיא וָואס שְׁווינְדְלָען מִיט צִיגַארִין
קֶענֶען דָארְטִין אויךְ עָפֶּעס נַארִין

תשובה לו.

זֵייעָר גִישֶׁעפְט גֵייט דָארְטִין אויךְ
אַלְץ מִיטִין ווִינְט אוּנ מִיטִין רויךְ

שאלה לז.

דַארְף מֶען דוּרְךְ גֵיין דוּרְךְ דָעם גֵיהִנָם אִין גַן עֵדֶן
מוּז מֶען דָאס לֶעבִּין אַקָאפּ אִין פְּרֵייבִּידִין

תשובה לז.

אַז סִיא קוּמְט דָעם חֶדֶר אִיבֶּער
אִיז דוּרְךְ גֵיין דוּרְךְ דָעם גֵיהִנָם אַסַךְ לִיבֶּער

שאלה לח.

זֵייא מוּזִין דָאס זֵיין שׂוֹנְאִים
טַאקֶע אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע בַּטְלָנִים
ווַייל זֵייא טָארִין נִיט אָן אוּנְזֶער רְשׁוּת
דִירִין מִיטִין הַאנְט אוּנ מִיטִין פּוּם

תשובה לח.

דָארְטִין הָעלְפְט דורְךְ תְּפִלָּה פון אַייעָרע פַּארְפָּאנִיקֶעס
טַאקֶע פונְקְט וְויא אַטוּיטִין בַּאנְקֶעס

שאלה לט.

גִילְט דָארְטִין עֶפֶּעס דִיא עִנְיָנִים
פון דִיא שַׁדְכָנִים

תשובה לט.

דָא אִיז דָער עֶסֶק גְרֶעסֶער
אונ דָארְט אִיז דָער פַארְדִינְסְט בֶּעסֶער
עֶס אִיז נָאךְ דָא אַדֵיעָה
אַז זַייא קְרִיגִין דָארְטִין אַהֶעלְפְט פון דֶער מֵאָה

שאלה מ.

צוּא דָארְט אַף יֶענֶע כִּיתָּה
הָאבִּין בַּעַל שֶׁעמֶען אויף זַייא אַשְׁלִיטָה

תשובה מ.

זַייא הָאבִּין פון יֶענֶע לַייט גְרוֹיסֶע צָרוֹת
וְויא קוּמֶען זַייא צוּא חוֹשֵׁך זַיין מִיט דִיא עֲקָרוֹת

שאלה מא.

צוּא אָזאגֶערִין וָואס הַאנְדֶעלְט מִיט מֵתִים
מַאכְט דָארְט אויךְ גוּטֶע תַּכְלִיתִים

תשובה מא.

דָעם גְרֶעסְטִין כָּבוֹד הָאט, זִיא דָארְט
אַלֶע טְרֶעטִין אִיר אָפּ דָעם אָרְט

שאלה מב.

צוא גַבָּאִים פוּן סְגָנִים
קְרִיגִין פַאר עֲלִיּוֹת דָארְט אויךְ שׂוֹנְאִים

תשובה מב.

דָארְטִין הָאבִּין זֵייא נָאר אַנְדֶערֶע תְּלִיּוֹת
מִיא אִיז זֵייא מְכַבֵּד אַלֵיין מִיט אַלֶע עֲלִיּוֹת

שאלה מג.

מֶען דַארְף דָאךְ דָארְטִין שַׁמָּשִׁים
מוז מֶען זִיךְ דָאךְ מִיט זֵיי בַּאהַאנְדֶלֶען ווִי מִיט מְיוּחָסִים

תשובה מג׳

זֵייא מוּזִין דָארְטִין אויךְ שַׁמָּשִׁים זֵיין
נָאר בֵּין גַבְרִי לְגַבְרִי תַּאפִּין זֵייא עֶפֶּעס אַרַיין

שאלה מד.

וָואס פַאר אַפָּנִים
הָאבִּין דָארְטִין חַזָּנִים

תשובה מד.

אִיז זַיין שְׁטִימֶע דָארְטִין גִירָאטִין ׳
קְרִיצְט מֶען אִים אוֹיס דיא בֶּעסְטֶע נָאטִין

שאלה מה.

וויא קומט דארפין אוים אשיכור מיט דעם ראנצע
צוא עס איז מאקע אמת פייאנעגא נעסאנציא

תשובה מה.

דארטין צאפט מען פון דיא שיכורים
שפיריטעס אויף פורים

שאלה מו.

צוא דארטין פאר שיינקארם
מאכט מען עפעס וואַרעס

תשובה מו.

דיא וואס זיצין ביין שיינקער אין הויז
געפינען זיך דאס רוב אין גהנימס קלויז
מאכין אים זיינע באקאנטע
דער פאר אגרויסע קאנטע

שאלה מז.

וואס טוט מען לעתיד
אמתנגד אז ער ווערט אחסיד

תשובה מז.

ווייל זיינע חסידות איז מיט רמאות
מוז ער דאווענען ביידע נוסחאות

## יֶעקֶעלֶע זַיין שְׁוֶוער ·

צַדוק מַיין טַייעֶר קִינְד
טַאקֶע אֶמֶת אַחָסִיד איז אָן זִיוּג
אַז מִיא קֶען הָאבִּין אַזוֹ אַווייטֶע רְאִיָה
וָואס נִיט אַלֶע הָאבִּין דָאס נָאר דִיא זְכִיָה
מִיא זָאל זֶעהֶען דֶעם גֵיהִנָם אַף קְלָאר
בִּפְרַט בַּייא דֶעם הַיינְטִיקִין דוֹר
הָאסְט מְחַיֶה גִיוֶועןן דַיין שְׁוֶוער
דוֹא מוּסְט בְּוַודַאי ווִיסִין נָאךְ מֶער
אִיךְ וָואלְט וֶועלִין מִיט דִיר זִיךְ פַאר נַאנְדֶער רֵיידִין
אַבִּיסֶעלֶע פוּן דֶעם הֵיילִיגִין גַן עֵדֶן
וִויא וַוייסְט עֶר חָאץ אוֹיס
עֶר מוּז דָאס זַיין אַקְאפּ שֵׁיין אוּנ גְרוֹיס

## צָדִיקִיל זַיין אֵיידִים ·

שְׁוֶוער לֶעבִּין הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא
עֶר איז אַסַאךְ גְרֶעסֶר פוּן דִיא תַּלְמוּד תוֹרָה

דָארְטִין איז אַנָארְט פַּארִין אָרִימָען אונ רַייכָען
אָבֶער דוא דַארְפְסְט אִים נִיט חָלִילָה צו קֵיין זַאךְ גְלַייכִין
מֵיינְסְטוּ אַז בַּיי דִיר אִיז לִיכְטִיג צִכְטִיק פְּרֵייטִיג צוּ נַאכְט
אונ דוּ הָאסְט נָאךְ קִידוּשׁ אַבִּיסִיל אַיינְגִימַאכְץ
אָ דָאס אִיז שׁוין אַגַן עֵדֶן אִין גַאנְצִין
נָאר עָס פֶּעלְט דֶעם עֵץ הַחַיִּים פְּלַאנְצִין
גֵיין קְרִיךְ נִיט אַרַיין אִין דֶעם צוּא וַוייט
דָאס אִיז נִיסְט קֵיין טוּאַכְץ פַּאר בַּטְלָנִישֶׁע לַייט
אִיךְ הָאבּ דִיר פוּן גֵיהִנָּם אַלְם נִיט גִיטָארְט דֶער צֵיילִין
נָאר אִיךְ הָאף אַז דֶר אָקָעוִויט וֶועט מִיר אַלֶע וואוּנְדִן הֵיילִן

## יֶעקֶעלֶע זַיין שְׁוֶוער .

צַדִיקִיל דוּ הָאסְט עֶרְסְט אִין גַאנְצִין בַּיי מִיר אוים גִינוּמָען
מַיין טָאכְטָר וֶועט שׁוין מוּזְן מִיט דִיר מִיט מַזָל צוּ נוֹיף קוּמָן
אַיי וָואס מְזוֹנוֹת ? אַבִּיסִיל פוּן קְלֵייזִיל
אַבִּיסִיל פוּן מַיין הַאיִיזִיל
נָאר גְלוֹיבּ מִיר אַף נֶאֱמָנוּת
אַז אִיךְ הָאבּ אַף דִיר רַחֲמָנוּת
גֵייסְט מִיר נִיט אִין תַּלְמִיד חֲכָמִישֶׁע הִיטִיל
דָאס קֶען חָלִילָה זַיין צוּא דֶער קְדוּשָׁה אַבִּיטוּל
נָאר זֶעסְטוּ צָדוּק
הָאסְט פוּן דַיין שְׁוֶוער אַמַתָּנָה דֶעם סְפִּאדָאק

אונ ווערסט נאך גיפינען עטליכע שאק האר
דו זאלסט אים זוכה זיין צו טראגן ביז גאנצע הונדרט יאר.

# ענדע

---

# דיא ליד פון דיא קינפעטארין.

---

## א.

איך בין אין דיא היילגע טעג
גיגאנגען אויף קברי אבות
וויא איך בין גיקומען אויף דעם וועג
האב איך פאר לארין מיינע אלע מחשבות
האב איך גיהערט אטרויער שטים
פון אפרישין קבר
איז מיר גיווארין שלים
עס האט מיר גיציטערט איטליכעס אבר

## ב.

גֵייא אִיךְ צוּא נָאהֶענְט בִּין אִיךְ גִיוָואר גִיוָוארִין
דָער שְׁטִים אִיז מִיר בַּאקַאנְט
פוּן אַיוּנְגֶע קִינְפֶּעטָארִין
זִיא זִינְגְט דָארְטִין לִידָער
אוֹיף דֶעם לֶעבֶּעדִיקִין גַאנְג
וָואס אִיז אִין מִיר שְׁוֶוער אַזוֹ מַיינֶע גְלִידָער
אִיךְ לִיג דָאךְ גָאר דָא נִישְׁט לַאנְג

## ג.

זִיא זָאגְט מִיךְ הָאט גִישְׁרֶעקְט
וָואס אִיז מִיר אַזוֹ קַאלְט
אִיךְ לִיג דָאךְ אַיינְגֶעדֶעקְט
אִיךְ בִּין גָאר נִישְׁט אַזוֹ אַלְט
וָואס קָען אִיךְ זִיךְ נִישְׁט שְׁטֶעלִין
אוֹיף אַזַאייט אוּם קֶערִין
אִיךְ וָואלְט שׁוֹין אֲפִילוּ וֶועלִין
פוּן לֶעבִּין פָּטוּר וֶוערִין

## ד.

וֶוען שׁוֹין גָאר דָער מִינְסְטָער
הָאט אַלְץ אַשְׁטִיקִיל לִיכְט

וָואס אִיז דָא אַזוֹ פִינְצְטָער
מִיא זֶעט נִישְׁט ־קֵיין גִיזִיכְט
וואו איז מַיין גִיזִינְד
לָאזִין ־זיי מִיךְ אִיבֶּער לֵייגִין
וָוער הַאלְט עֶרְסְט מַיין ־קִינְד
צוּא גִיט מֶען אִים צוּא זֵייגִין

ה.

אוֹיף מַיינֶע אוֹיגִין אִיז אַלַאסְט
אִיךְ קֶען זֵייא נִישְׁט אוֹיף קְלֶעפִּין
דִיא קְלֵיידֶער זַיינֶען פַאר פַּאסְט
זֵייא טוּעֶן מִיךְ צוּא דֶער עֶרְד שְׁלֶעפִּין
אִיךְ בִּין דָאךְ אַזוֹ קְרַאנְק
קֶען ־קֵיין אָטוּם קְרִיגִין
אִיךְ לִיג אוֹיף אַהוֹילֶע בַּאנְק
אוּנ וֶוערִים עֶסִין מִיךְ וִויא פְלִיגִין

ו.

אִיךְ וֵויים נִיט דֶעם סַאקְרֶעט
וָואס עֶס אִיז מִיר אַזוֹ אֵיינְג
וָואס אִיז דָאס מִיט דֶער בֶּעט
וואו איז איר בְּרֵייט אוּנ לֵיינְג

נִיט אַנְדֶערְשׁ אִיךְ בִּין גִישְׁטָארְבִּין
אונ דָאס אִיז שׁוֹין מַיין רוּא
מַיין קֶערְפֶּער אִיז פַאר דָארְבִּין
אָבֶּער וְויא גֵייט דָאס דִיא קִינְדֶער צוּ

ז.

דִיא קִינְדֶער זַיינֶען מִיר אָן גִיקוּמֶען
מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע שְׁמֶערְצִין
אִיךְ הָאבּ פַאר לִיבּ אָן גִינוּמֶען
גִיהַאט שִׁיר דִיא וואוּנְד אִין הַארְצִין
מַיין בְּלוּט הָאבִּין זַייא גִיזַייגִין
אִיךְ הָאבּ גָאר וָואגִילְט פוּן מִיר דֶעם שְׁלָאף
אִיר פַאר הָאסְטֶעטֶע אויגִין
עָפִינְט אוּנ זֶעהֶעט דֶעם סוֹף

ח.

אוֹי מַיין מַאן דֶער גוּטֶער
וְויא וֶועט עֶר קֶענֶען לֶעבִּין
עֶר זָאל צוּ אַנַאנְדֶער מוּטֶער
אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער דַארְפִין גֶעבִּין
פוּן אָנְפַאנְג אִיז זִיא גִיטְרַייא
גִיט זַייא אַרייַנְע הֶעמְד

וויא נָאר אַצַייט פַאר בַייא
דֶער קֶענְט מֶען שוין וָואס פְרֶעמְד

**ט.**

אַזוֹ לַאנְג וויא עֶס אִיז נָאךְ וַוארִים
וֶועט עֶר נִיט פַאר גֶעסִין
דֶער נָאךְ בַּייא זַיין אָרֶעם
וֶועט זִיצִין אַנַאנְדֶערֶע אוּנ עֶסִין
דִיא קִינְדֶער וֶועלִין בַּאקְלֶערִין
וֶוער זִיצְט אוֹיף דִיא מוּטֶערְס אָרְט
וֶועלִין שְׁלִינְגֶען דִיא טְרֶערִין
אוּנ נִיט טָארִין רֵיידִין אַוָוארְט.

**י.**

אִין מַאנְס אַלֶע גֵייטִין
בִּין אִיךְ גִיוֶוען צוּם שׁוּץ
הַיינְט וֶועט זַאךְ פַאר שְׁפְּרֵייטִין
אַנאנְדֶערֶע אוֹיף מַיין גוּץ
עֶר וֶועט סִיךְ לָאזִין פַאר מוֹיעֶרִין
קֶענִין אַנְדֶערֶע זִיךְ צוּ פְלַייסִין
דֶער קֶבֶר וֶועט נִיט דוֹיעֶרִין
מַיינֶע קִינְדֶער וֶועלִין אִים צוּ רַייסִין

## יא.

אִיךְ פְּלֶעג וִויא אִין אַשְׁפִּיגִיל
קוּקִין אִין דִיא קִינְדֶערְשָׁע צורות
הַיינְט טָאג אונ נַאכְט אִין ווִיגִיל
וְויא דִיא וָואס זִיצִין אִין נורות
פַייכְט פָארִין . וָועדִים
וָועט זַיין זֵייעָרע בָּעט גִיוַואנְד
זֵייא זָאלִין רַייסִין דִיא גִידֶערִים
וֶוער וָועט זֵייא נֶעמֶען אויפִין הַאנְט

## יב.

צוא לִיב קִינְדֶער דַארְף מֶען קְלָאגִין
מֶען זָאל יוּנְגֶער הַיינט נִיט שְׁטַארְבִּין
וַוייל קִינְדֶערְשֶׁער מָאגִין
אִיז גְרִינְג צוּא פַארְדַארְבִּין
דִיא שְׁטִיף מוּטֶער זָאל מִיט רַחֲמָנות גֵיין
נִיט פִירִין שְׁטַאט וִויא אַ דַאמֶע
קֶען אַלְץ דָאס קִינְד פַאר שְׁטֵיין
אַז עֶס פֶעלְט אִים פָארְט אַמַאמֶע

## יג.

דִיא שְׁטִיפְמוּטֶער סֶעג זַיין וְויא גוּט
אִין דֶער נַאטוּר נָאךְ בֶּעסֶער
אָבֶּער פוּן אֵייגֶענֶע בְּלוּט
אִיז דֶער צַעַר פִּיל גְרֶעסֶער
דִיא קִינְדֶער הָאט עֶפֶּעס גִיפֶּעלְט
הָאבּ אִיךְ דָאס בַּאלְד גִישְׁפִּירְט
הַיינְט מִיט הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט
מוּזִין זֵייא זַיין גִיצִירְט

## יד.

מַיין קִינְד פְּלֶעגְט זִיךְ שְׁפַּארִין
עֶר וְויל אַבֵּלִי צוּא בְּרֶעכִין
פְּלֶעגְט מִיךְ מֶער נִיט הַארִין
עֶר זָאל דִיא הֶענְט נִיט פַארְשְׁטֶעכִין
חָלִילָה הַיינְט זָאל טְרֶעפִין
אַקִינְד זָאל מָאן אַשָׁאדִין
וָואלְט זַיין הִימִיל אָפִין
אוּנ וָואלְטִין זַאךְ אִין טְרֶערִין בָּאדִין

## טו.

מַיין מַאן וָועט גִישְׁווִינְד
ווִיסִין ווָאס צָרוֹת בַּאטֵייט
אַז זַיא וָועט הָאבִּין אַקִינְד
אוּנ מַיינֶע ווָעלִין שְׁטֵיין אָן אַזֵייט
וָועט וָוערִין אִין שְׁטוּב זִילְזוּלִים
אוּנ אִירֶע וֶועלִין זַיין מְיוּחָסִים
אוּנ אַלֶע הַאנְד בִּילְבּוּלִים
וָועט מֶען מַאכִין אַפִּין יְתוֹם .

## טז.

זֵייא וָועלִין זַיין גִיפְּרָעסְט
בִּיז מִיא וֶועט זַייא רֵיידִין שִׁידוּכִים
וֶועט ווָערִין אַרֵייר פוּן קֶעסְט
וָועט זַאךְ אָן הוֹיבִּין וִיכּוּחִים
פִיל מִיא ווֶעט פַאר שְׁרַייבִּין
וָועט מֶען זַיין מְשַׁנֶה
בַּייא דִיא קִינְדֶער וֶועט בְּלַייבִּין
אַטוֹיטִין צוּא זַיין מְקַנֵא

## יז.

פִיל מַיין מַאן פְלֶעגְט קָאסְטִין
אַמָאל אַקִינְדֶערְשֶׁע קְלֵייד
דָאס קִינְד פְלֶעגְט אָן מֶעסְטִין
הָאבִּין מִיר גִיהַאט מֶער פְרֵייד
הַיינְט בַּייא אַשְׁלֶעכְטִין לַאר
וֶועט אָן קוּמֶען מִיט קְלָלוֹת
וֶוען שׁוין בַּייא אֵיידֶעלֶען גְרַאד
וֶועט זַיין דֶער בַּייא יְלָלוֹת

## יח.

בְּשַׁעַת צוּם בַּאדֶעקִין
בַּייא מַזְכִּיר נְשָׁמוֹת
טוּט זַאךְ דֶער וֶועקִין
אִין אַלֶעמֶען דִיא רַחֲמָנוּת
וָואלְט אִיךְ חָאצְבִּי קֶענֶען
שְׁטֵיין דֶער בַּייא אוּנ הֶערִין
אִין הַארְצִין וָואלְט מִיר בְּרֶענֶען
וָואלְטִין זַייא מִיךְ לֶעשִׁין מִיט טְרֶערִין

## יט.

צו שְׁטֵייט נִיט וָוער דָער בֵּייא
אונ הָאט גִיהָערְט סַיין קְלָאגִין
כְּדֵי מָען זָאל זַיין דִיא יְתוֹמִים גִיטְרֵייא
אונ דִיא רֵייד סַיין סַאן אָפּ זָאגִין
דָער טויט הָאט מִיר גִיפַאנְגֶען
בִּיז יוֹם הַתְּחִיָּה
אִיךְ וָועל אַזְכּוּת דָער לַאנְגֶען
פַאר זַיין גוּטֶע יְגִיעָה

# ע נ ד ע

# דִיא לִיד פוּן וֶועכְטֶער

---

וֶוער דָא ! וֶוער דָא !

גָאט גִירֶעכְטָער
דֶער בַּארֶעם זַאךְ
אוּיפִין אָרֶעמֶען וֶועכְטֶער
וָואס גֵייט דָא אוּיף דֶער וַואךְ

**א.**

בַּייא נַאכְט דֶער שְׁלָאף
אִיז זַייעֶר זִים
בַּייא מִיר אִיז דָאס אַשְׁטְרָאף
אִיךְ פַאל פוּן דִיא פִים
אִיךְ גֵייא אַרוּם פַאר וְויסְט
אוּנ הָאבּ נִיט קַיין רוּא

ואז אַבֶּערְגִיל מִיסְט
דָארְטִין זָעץ אִיךְ זַאךְ צוּא
גָאט גִירֶעכְטָער
דָער בַּארֶעם זַאךְ
אוֹיפִין אָרֶעמָען וָועכְטָער
וָואס גֵייט דָא אוֹיף דָער וָואךְ

## ב.

### וֶוער דָא ! וֶוער דָא !

דָען פוּן דִיא יְסוּרִים
אִיז גָאר אָן אַשַׁאץ
אִין גְרֶעסְטִין שְׁטוּרֶעם
שְׁטֵייא אִיךְ אוֹיפִין פְּלַאץ
דָער ווִינְט וֵוייעט
עֶס הֶעלְפְט נִיט קַיין אַיין רֶעקִין
דָאס הַארְץ גְלֵייעָט
אִיךְ הַאלְט קָאם אַיין דֶעם שְׁטֶעקִין
גָאט גִירֶעכְטָער . . . .

## ג.

### װער דָא! װער דָא!

אִין גְרֶעסְטִין שְׁלַאקְס רֶעגִין
װען עֶס דונֶערְט אונ עֶס בְּלִיצְט
טוא אִיךְ פון רָעסְט װֶעגִין
אונ לויף אַרום פַאר הִיצְט
אִיךְ װָער אַיין גִיװֵייגְט
עֶס צִיט מִיךְ אַז צוא דֶער עֶרְד
אִין הַאלְז אִיז מִיר פַאר לֵייגְט
דָאס רופְט מֶען טויט שְׁװֶערְד
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . .

## ד.

### װער דָא! װער דָא!

עֶס אִיז מִיר זֵייעֶר שְׁלֶעכְט
אִין תְּקוּפַת טֵבֵת
װען דִיא גֶרֶעסְטֶע נֶעכְט
אִיז דִיא בֶּעסְטֶע גְנֵבוֹת
װָאס לִיגִין אִין דִיא בֶּעטִין
ינֶען נַייא גִיבַּארִין

אונ איך טאר ניט אָפּ טְרֶעטִין
חאץ װֶערִין פַאלְד צוזא גִיפְרָארִין
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . . .

ה.

װֶער דָא ! װֶער דָא !

פּונ דִיא גְרויסֶע פְּרֶעסְט
װֶער איך שְׁװַארְץ אונ בְּלָאה
דָאך שְׁטֵייא איך פֶּעסְט
אונ צֵייל אִימְלִיכֶע שָׁעָה
עֶס שׁוידֶערְט מִיך דִיא גְלִידֶער
אִיךְ דֶער לֶעבּ קאם טָאג
אִיך זִינְג פונ צָרות לִידֶער
מֵיינְט מֶען נָאך פונ װאול טָאג
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . . .

ו.

װֶער דָא ! װֶער דָא !

אִיךְ גֵייא אַמָאל אָן
אויף אַיין אומְבֶּעקַאנְטִין סְלופּ
שְׁלָאגְט מִיר אַצָאן אָן אַצָאן
אונ בְּלֵייבּ שְׁטֵיין װִיא אַטְרופּ

אִיךְ קְרִיךְ צוּא אוֹיף אַלֶע פִיר
דֶער זֶעה אִיךְ קַאם גוּט
דֶער וַוייל וֶוערְט אִין מִיר
צוּא קָאכְט דָאס בִּיסִיל בְּלוּט
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . .

# ז.

וֶוער דָא ! וֶוער דָא !
עֶס קוּמְט מִיר אַמָאל פָאר
מִיא הָאט אַשְׁלָאס גִיצְוִוינְגִין
דֶענְסְט מָאל אַף אַהָאר
אִיז מַיין לֶעבִּין גִיוואוּיגִין
אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט פַאר נוּיט
מִיט וֶועמֶען צוּא פַאר גֶעבִּין
אִיךְ גֵייא נֶענְטֶער צוּם טוּיט
אוּנ בִּין מַפְקִיר מַיין לֶעבִּין
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . .

# ח.

וֶוער דָא ! וֶוער דָא !
עֶס קוּמְט מִיר אָן אַשִׁיכּוֹר
דִיא גַאס אִיז אִים שְׁמָאל

עֶר וָואלְט מִיךְ שְׁלָאגִין מִיט פְּלֶעקֶער
אִיךְ זָאל נָאר וַוייזִין אַקְויל
עֶר גִיט אַף מִיר אַהִילְךְ
אַגְלָאץ מִיט דִיא אוֹיגִין
פַאלְט מִיר אַיין מַיין מוּטֶערְם מִילְךְ
וָואס אִיךְ הָאבּ בַּייא אִיר גִיזֵייגִין
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . . .

# ט.

## וֶוער דָא! וֶוער דֶא!

פַאר טָאג וֶוען הֶענֶער קְרֵויעֶן
צִיעֶן זַאךְ גַנְבִים שְׁצָאטֶעס
גֵייא אִיךְ זֵייא נָאךְ וואו זֵייא גֵייעֶן
אוּנ קְרִיג פוּן גַאנְג רֶעסַאטֶעס
זֶעהֶען זֵייא מִיךְ פוּן וַוייטִין
צוּא לוֹיפִין זֵייא וְויא דִיא כְּלָבִים
זָאגְט סֶען נָאךְ בַּייא לַייטִין
אִיךְ נֶעם אַחֵלֶק פוּן דִיא גַנָבִים
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . . .

## י.

### װֶער דָא ! װֶער דָא !

אַז אַגְנָב װִיל מִיךְ שְׁרֶעקִין
רֵייצְט עֶר אָן אוֹיף מִיר אַהוּנְט
װֶער אִיךְ זַאךְ מִיטִין שְׁטָעקִין
עֶר זָאל מִיר נִיט מַאכִין אַװאוּנְד
עֶר זָאל מִיךְ װִיא שְׁלָאגִין
לָאז אִיךְ קַיין קְרָאם נִיט רַייסִין
אִיךְ זָאל זַאךְ אוֹיף מָארְגִין קְלָאגִין
זָאגְט מֶען אַז עֶס אִיז צוּא פְּלַייסִין
נָאט גִירֶעכְטֶער . . . .

## יא.

### װֶער דָא ! װֶער דָא !

מַיינֶע שַׁבָּתִים יוֹם טוֹבִים
זַיינֶען מִיר בִּיטֶער אוּנ פִינְצְטֶער
פוּן מַיינֶע אָרֶעמֶע קְרוֹבִים
בִּין אִיךְ אַלֵיין דֶער מִינְכְטֶער
בַּעֲלֵי בָּתִּים נָאךְ קִידוּשׁ
גֵייעֶן עֶסִין אוּנ שְׁלָאפִין

בייא מיין גיזינד איז דאס אחידוש
ווען האט זייא דער גליק גיטראפין
גאט גירעכטער . . . .

## יב.

ווער דא ! ווער דא !

איך זאל אמאל הערין
עס טרעפט וואו אשאדין
באוואש איך זאך מיט טרערין
מיא קאן זיך דערינען באדין
אמאל גאר גיך
רופט זאך דיא גניבה אפ
דיא כפרה בין איך
איך גייא פון ברויט אראפ
גאט גירעכטער . . . .

## יג.

ווער דא ! ווער דא !

אז איך בין שוין גאנץ מיד
איז ערסט דיא דריטע שעה

אִיךְ זִינְג שׁוֹין סֶער קַיין לִיר
אונ שְׁרַייא קַאם וֶ֗ער דָא
וָואס פַאר אַמַמְשֶׁת
הָאט דֶער גִיזַאנְג
אַזוֹעס נֶעמְט מִיר אָן חָלָשׁת
אונ אִיךְ וֶוייכִילֶפ זַאךְ וִויא אַשְׁלַאנְג
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . .

## יד.

### וֶוער דָא ! וֶוער דָא !

וָוען נַנָבִים טְרָאגִין מִיט
הֶעסְן מִיט דְלָאטֶעם
זַייא אִיךְ זַייא נָאךְ דִיא טְרִיט
אִין דִיא גְרֶעסְטֶע בְּלָאטֶעם
זַיא וַוייזִין מִיר רְצִיחָה
נָאךְ טְרֶעט אִיךְ נִיט אָפּ פוּן פְלֶעק
בַּייא מִיר אִיז אַלֶץ נִיהָה
עֶס קֶען וֶוערִין פוּן מִיר אַוֶעק
גָאט גִירֶעכְטֶער . . . .

# טו.

## וָוער דָא ! וָוער דָא !

מַיין לֶעבִּין אִיז אַשׁיין
אִיךְ בִּין זַאךְ מַקְרִיב פַאר איין קָרְבָּן
דָאךְ זָע אִיךְ אַיין
מִיר אִיז בֶּעסֶער וויא גִישְׁטָארְבִּין
נָאר דָאס טוּט מִיר גִיפֶעלִין
עֶס אִיז שׁוין אויף אַלֶעס מְחַפֶּה
עֶס אִיז כְּדַאי זַאךְ—איין שְׁטֶעלִין דֶעם לֶעבִּין
אַבִּי לֶעבִּין פוּן יְגִיעַ כַּפַּי
גָאט גִירֶעכְטֶער
דֶער בַּארֶעם זַאךְ
אויף דֶעם אָרֶעמֶען וֶועכְטֶער
וָואס גֵייט דָא אויף דֶער וַואךְ

# ע נ ד ע

---

